יעקב הערש פישמאַן

# היימישע וועגן

(דערציילונגען)

אַרויסגעגעבן פון

יעקב הערש פישמאַן בוך־קאָמיטעט

ניו־יאָרק, 1954

# עטלעכע באַמערקונגען פון מחבר

אין דעם בוך גייען אַריין פיר דערציילונגען, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין מיין בוך „זומערדיקע טעג", וואָס איז דערשינען אין וואַרשע, אין 1938. ליידער איז דערדערמאָנטער בוך נישט דערגאַנגען צום יידישן לייענער־עולם אין אַמעריקע. די פיר דערציילונגען זיינען: „לייזער שניידער", „סענדער", „דער יידישער פּריץ" און אַ „פרעמדער". אין איצטיקן בוך גייען זיי אַריין מיט ענדערונגען און דער „יידישער פּריץ" איז איצט כמעט אַ נייע ווערסיע.

פאַרשיידענע סיבות האָבן געשטערט דאָס אַרויסגעבן פריער דעם בוך, כאָטש איך האָב דאָס שטאַרק געוואָלט און כאָטש איך בין אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן שוין פערטהאַלבן יאָר.

דערפאַר דריק איך אויס מיין האַרציקן דאַנק מיינע פריינט, וואָס האָבן זייער אַ סך מיטגעווירקט, אַז „די היימישע וועגן" זאָלן דערשיינען.

יישר כוח!

י. ה. פישמאַן

ניו־יאָרק, אָקטאָבער 1953.

# אינהאַלט:

צום צענטן יאָרצייט
פון
געלע און שולקע
מיין פרוי און מיין טאָכטער

# געפֿאָרן צו דער חתונה

לאה האָט זייער נישט געליטן איר מאַנס שוועסטער. זי האָט זיי נישט געליטן פֿון דער ערשטער מינוט אָן, ווי זי האָט זיי דערקענט, ווען זי איז ביי זיי געווען אין גאַרבאָוויץ צום ערשטן מאָל. אַ חברה פּרעסערס, חוזק־מאַכערס און נישט־פֿאַרגינערס, אַז זיי האָבן איר אַזוי אַרומגעקוקט, אָפּגעשפּאָט און אָפּגעחוזקט און איר געגעסן מיט די אויגן. באַזונדערס, האָט לאה געהאַט דעם שטאַרקן חשד, אַז יעדעס מאָל, ווען איר מלך קומט אין גאַרבאָוויץ צו זיינע שוועסטער, מאַכן זיי לידיק זיינע קעשענעס. אַ ביסל נעמט מען אַלס הלוואות און אַ ביסל נעמט מען סתם אַזוי און ער, דער שוטה, לאָזט זיך פֿון זיי.

צווישן לאהן און מלכן פֿלעגט איבער זיינע שוועסטער דערגיין צו שאַרפֿע מחלוקתן, ווייל מלך האָט פֿון זיי געהאַלטן אַ וועלט, אַזוי פֿון יהודיתן, אַזוי פֿון רבקהן און אַזוי פֿון בעמילען, אַז זיי זיינען זייד, אַז זיי זיינען די איידלקייט אַליין. יעדע שוועסטער איז ביי אים געווען אַ בריליאַנט און יהודית, די עלטסטע, נאָך מער, זי איז אַזעלכעס און אַזעלכעס. ער איז יעדע פּאָר וואָכן אַוועק צו זיי אין גאַרבאָוויץ, און זי, לאה האָט דאָך געהאַלטן פּונקט דאָס פֿאַרקערטע. מלך פֿלעגט דערפֿאַר זיך אָפּרייסן, געמאַכט קולות אויף לאהן, וואָס זי איז אַזאַ שונא זיינע טייערע שוועסטער. „פֿאַרוואָס ? !‟ „פֿאַרוואָס ? !‟. ער האָט געשריגן, זי האָט געשריגן. דער גאַנצער הויף האָט דאָס געהערט. דערפֿאַר, אַז עס איז געקומען דערצו, אַז יהודית מאַכט חתונה איר פֿינחסלען און זי פֿאַרשיט מיט בריוולעך אַז אַלע, אַלע זאָלן קומען, איז דאָס לאהן גאָר נישט איינגעפֿאַלן. חוץ מלכן, וועט קיינער נישט פֿאָרן. מיט אַלע אירע כוחות וועט זי מלכן נישט לאָזן מיטנעמען נחלען. דאָס נישט. זי וועט בשום אופֿן נישט דערלאָזן, אַז איר קינד זאָל אַריינפֿאַלן אין דער דאָזיקער חברה פֿון אָפּשפּאָטערס און נישט פֿאַרגינערינס. דאָס נישט. לאה האָט געטענהט צו מלכן, אַז נח׳ל קען נישט מיטפֿאָרן, ווייל אַזאַ קינד ווי ער, אַ קינד פֿון אַכט יאָר, וואָס איז שוואַך ווי

אַ שוואַלב טאָר זיך נישט „פּאַניוויערן“ אַזאַ וועג און דאָרט נאָך אויף־זיין טעג און נעכט, און אַז אויב נחל פאָרט נישט קען זי דאָך אוודאי נישט פאָרן, זי וועט דאָך נישט איבערלאָזן נחלען איינער אַליין אין שטוב. עס האָט אַרום דעם זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט אַזאַ מחלוקת, אַז דאָס הייזל, האָבן שכנים געמיינט, ווערט איינגעבראָכן. „וואָס טוט זיך דאָרט ביי זיי?“ — האָבן די הויף־מענטשן געפרעגט.

מלכן איז דער עיקרשט געגאַנגען אין לעבן נאָר וועגן נחלען. לאה מעג בלייבן אין שטוב. די אויסגעגעבענע קינדער האָבן אַ ברירה נישט מיט־צופאָרן, אָבער נח׳ל מוז מיטפאָרן. מלך האָט געוואָלט מיט זיין נח׳לען זיך באַווייזן פאַר זיינע שוועסטער, פאַר דער גאַנצער משפחה און פאַר גאַנץ גאַרבאַוויץ, זיין גאַרבאַוויץ. אַלע קענען בלייבן. עס גייט אים גאָרנישט, זיי זאָלן זיין אויף דער חתונה. זיי זיינען אַלע שונאים! די מאַמע האָט זיי דאָס איינגערעדט. אָבער נח׳ל מוז מיטפאָרן.

מיט אַכט וואָכן פאַר דער חתונה אין גאַרבאַוויץ, האָט מלך אַריינגעטראָגן צום שניידער שניט־סחורה און געיאָגט לאהן, זי זאָל מיט נחלען אַריינגיין צום שניידער נעמען אַ מאָס.

עס זיינען געווען מאָדנע טעג. דאָ אַ זון און דאָ אַ רעגן. אַט־אַט האָט מלכן זיך געדאַכט, אַז ער איז שוין פאַרטיק מיט לאהן, אָבער ווידער נישט. אַט־אַט האָט זיך לאהן געדאַכט, לויט מלכס שווייגן, אַז ער איז עס שוין מוחל, אָבער ווידער נישט. ער האָט געיאָגט צום שניידער. ער האָט געיאָגט. דער זמן־חתונה רוקט זיך אָן.

נחל אַליין האָט געהאָלפן דעם טאַטן. ער האָט זיך געכאַפּט וועגן וואָס דאָ גייט מיטן געשריי און מיטן טומל. ער איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אויף אַ חתונה — האָט נחל געטענהט. ער קען נישט די משפחה, אָבער פאַרוואָס זאָל ער זיי נישט קענען? אַזוי האָט נחל זיך אויסגעטענהט. מלך האָט אָנגעקוואָלן און לאה האָט זיך געפילט געפלעפּט. זי האָט שוין איצט גאָרנישט גערעדט. זי האָט געזען, אַז דאָס איז מן־השמים. זי האָט זיך געבויגן.

⁂

ווי אַזוי זיי זיינען געזעסן אין דער דראָזשקע און דאָס וואָס זיי זיינען געווען ביי באַקליידט פון קאָפּ ביז די פיס, האָבן פאַרבייגייער פאַרשטאַנען,

אַז מלך מיט זיין חברה פאָרט צו אַ חתונה, האָט מען זיי נאָכגעשריגן „מזל־טוב!".

מלך האָט געשיינט. זיין געל בערדל האָט זיך געגאָלדיקט קעגן דער זון. זיין פּנים איז געווען שמייכלדיק. ביי דער באַן און אין דער באַן האָט מלך אויסגעזען דער גליקלעכסטער פון אַלע פּאַסאַזשירן.

נחל האָט אַרומגעשפּאַצירט אין וואַגאָן מיט פאַרקוקטע אויגן צו אַלע ווינקעלעך.

לאה האָט פאַרדראָסיק געקוקט אויף מלכן. וואָס ער האָט עס אויסגעפירט. „ער האָט עס אַ גבורה!"

מלך האָט געהאַלטן נחלען לעבן זיך, אין אים אַריינגערעדט וואוהין ער פאָרט, צו וועמען און צו וואָס. לאה האָט דאָס נישט פאַרטראָגן, האָט זי נחלען גערופן. זי האָט נחלען אַרומגעווישט דאָס פּנים, אַ טאָפּ געטאָן מיט דער האַנט צו נחלס שטערן. האָט ווידער מלך גערופן נחלען און לאה האָט געבורטשעט: „ער לאָזט נישט רוען".

⁂

מיט יעדער מינוט האָט מלך אַלץ מער געשיינט. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט אַזאַ מינע, אַזאַ גדלות, אַזאַ פּאַרנעם. נחל האָט אויסגעזען אַ פּרינץ. זיין שיין פּנים האָט געלויכטן. ער איז געשפּרונגען און האָט געטאַנצט. נאָר לאה, ווי זי האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט געווען שלעפעריק, אירע אויגן זיינען געווען צו־קליין, ווי אָט־אָט איינצודרימלען.

עס איז טאַקע געווען אויסטערליש מיטן אָנקומען מיטן פערד און וועגעלע פון דער באַן־סטאַציע. נח׳ל איז געשפּרונגען אין דער פור און אַפילו לאה האָט געגאַפט. קיין גובערנאַטאָר האָט אין גאַרבאַוויץ נאָך נישט געהאַט אַזאַ כבוד. יידן לויפן דאָך אַרויס פון די הייזער צו מלכן. אין מיטן גאַס האָט דאָס פערד זיך אָפּגעשטעלט, נישט געקענט ווייטער גיין. אַ וואַנט מיט מענטשן.

— שלום־עליכם, מזל־טוב, מלך!

— ער איז דיין בחור?

— אַזוי. קיין עין הרע.

— קענסט עפּעס לערנען? — האָט איינער געפרעגט נח׳לען.

— פאַרוואָס נישט ?! — האָט נחל שטיפעריש געענטפערט.

טאַטע־מאַמע האָבן זיך מחיה געווען. לאה האָט פון ליבשאַפט דאָס וואָרט איבערגעחזרט: „פאַרוואָס נישט ?״.

פאַר דער מומע יהודיתעס רויט הילצערן הויז, האָט זיך געטאָן אַן אמתער יאַריד.

די מחותנתטע און אירע צוויי שוועסטער, רבקה און נעמילע האָבן זיך פריידיק געטומלט אַרום דער פור.

אַרום זיי, די פעטערס און אַרום זיי די קינדער, גרויסע, קלענערע און גאָר קליינע. אַרום זיי, קרובים פון דער גרויסער משפחה אין גארבאוויץ און איצט שכנים און גלאַט פריינט.

עס האָט זיך געטאָן מיט קולות ביזן זיבעטן הימל.

— שלום עליכם, מזל־טוב!

— נחל ?

— אוי, נחל!

— קום אַראָפּ!

— נעם אים אַראָפּ!

עס איז געגאַנגען דער שטראָם אין דער מומע יהודיתעס הויז, אין חתונה הויז.

לאה האָט איצט געהאַט אין זינען נאָר איין זאַך, אַז זי איז איצט ביי דער „חברה״ און אַז זי דאַרף זיך דאָ היטן מיט אַ וואָרט, מיט אַ מינע, מיטן אויג. זי האָט פעסט געהאַלטן נחלען ביים האַנט, אָבער דאָ האָט זי דערפילט אַ ריס. מלך האָט אַרויסגעריסן נחלען פון איר האַנט. נחל האָט אָבער גוט געטאָן, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון טאַטנס האַנט און ער האָט זיך אויסגעמישט צווישן זיינע קליינע קאָזינס, יינגלעך און מיידלעך. זיי האָבן אים געוויזן שטובן און וואָס עס טוט זיך אויף דער אַנדערער זייט פון די פענצטער. און ער האָט געקוקט.

— אמת, שיין?

די מחותנתטע יהודית, איז איצט געשטאַנען אין דרויסן. זי איז דאָך די מחותנתטע און צו איר זיינען עס געקומען די געסט, איר ברודער מלך און זיין ווייב מיט זייער יינגל.

רבקה און נעמעלע, די יינגערע צוויי שוועסטער האָבן געשטופּט און

זיך געשטויסן מיט זייערע קינדער, צו ווייזן זיך פֿאַר מלכן, אָבער ווי אַ מחותנתטע האָט יהודית איצט געהאַט די אויבער־האַנט און זי האָט די געסט פֿאַרנומען מיט זיך, זיי אַריינגעפֿירט אין אַ חדר, זיך אָפּרוען און עפּעס אַ ביס טאָן.

אַז יהודית האָט געהאַט די געסט ביי זיך און נאָר ביי זיך, ווייל דאָ זיינען מער נישט געווען ווי איר מאַן ישראלקע־נתקע און דער חתן מיט די איבע־ריקע קינדער, האָט יהודית איצט אָפּגעאָטעמט. זי האָט איצט געשפּירט אַז די שמחה איז איר שמחה. אַז די געסט זיינען אירע געסט און זי, וואָס איז געווען דער קאָפּ פֿון איר משפּחה, האָט איר ברודער דערציילט וועגן איר נחת, וועגן שידוך מיט פּינחסלען, וועגן נחת פֿון אירע קינדער און איצט וועגן ביילקעלען.

— ביילקעלע, ביילקעלע — האָט יהודית גערופֿן איר מוזינקע — קום אַהער. ווייז זיך פֿאַרן פֿעטער, פֿאַר דער מומע און פֿאַרן קוזין. ער הייסט נחל.

די געסט האָבן זיך זייער געפֿרייט מיט ביילקעלען. אַפילו לאה האָט זיך געפֿרייט:

— קיין עין הרע, קיין עין הרע.

ביילקע איז טאַקע געווען אַ שיינינקע און אי מיט אַן אויסזען פֿון אַ געראָטענער. אַ הויך מיידעלע. ווי פֿאַר זיבן יאָר איז זי, קיין עין הרע, גאָר אַ הויכע. אַ שוואַרץ חנוודיקע און טאַקע מיט אַ סך חן. אין אירע שוואַרצע אייגעלעך האָט געבליצט אַ סך חכמה. מיט אַ רויט בלימל אין קאָפּ־האָר, מיט אַ בלוי בלימל אויפֿן רעכטן אַקסל. זי איז דאָך דעם חתנס שוועס־טערל. ווייטער האָט געגלאַנצט אויף איר דאָס ווייסע קליידל.

דאָס קינד איז געווען ווי צעטראָגן. זי האָט געשפּירט, ביילקע, אַז זי דאַרף אויסנעמען. זי האָט געפֿלאַטערט. זי האָט געוואָרפֿן אירע אייגלעך דאָ צום פֿעטער און דאָ צו נחלען, דאָ צו דער מומען און דאָ צו נחלען. נחלס פּנים איז געווען רויט און די אויגן האָבן געקוקט צום ווייסן טישטעך אי־בערן טיש . . .

***

און אַזוי איז געגאַנגען איבער דער גאַנצער חתונה.

לאה האָט זיך געיאָגט נאָך נח׳לען און אויך מלך האָט זיך געיאָגט

נאָך נחלען. זיי האָבן ביידע געבורטשעט. איינער אויפן צווייטן. די קליינע און ברייטע מומע און מחותנתטע, די מומע יהודית, האָט זיך געיאָגט נאָך מלכן און נחלען און רבקה און נעמעלע, די ביידע יינגערע שוועסטער האָבן זיך אויך געיאָגט נאָך זייער ברודער מלך און נחלען, אָבער יעדעס מאָל איז יהודית געווען די שטאַרקערע איבער זיי ביידן. זי איז געווען די עלטערע און זי איז געווען די מחותנתטע. רבקה און נעמעלע — יעדע האָט אַ מיידעלע פון נחלס עלטער, פאַרוואָס־זשע זאָל ער זיך נישט חברן אויך מיט זיי?.. אָבער יעדעס מאָל אַז זיי, רבקה מיט איר אסתרלען און נעמעלע מיט איר אַלטקען, זיינען שוין צוזאַמען מיט נחלען — קומט אָן די מחותנתטע, די מומע יהודית אָדער גאָר ביילקעלע, דעם חתנס שוועסטערל. זי האָט פאַרהאַנט אויף איר גאַסט . . . און ווי זי, ביילקע, גיט זיך אַ ווענד צו נחלען מיט איר נעזל און איר אייגעלעך און מיט אירע טעמדיקע רייד אויפן שפּיץ פון איר גלאַטן צינגל, אָסור אויב אירע צוויי קוזינקעלעך קענען דאָס און צי עס איז בכלל דאָ נאָך אַזאַ ביילקעלע אויף דער התונה, צי אַפילו אין גאַנץ גאַרבאַוויץ... און נחל ווערט מיט גוטער וואַרעמקייט דורכ־געשטראָמט פון ביילקעס חנדעלעך, פון ביילקעלעס רײדעלעך, ווי ווייט זי זאָל נישט זיין, קוקט ער זי נאָך . . .

און רבקה און נעמעלע מיט זייערע מיידעלעך האָבן נעבעך אויסגעזען ווי אָן קאָליר, בלאַס, ווי זיי מאַטערן זיך און מאַטערן זיך . . .



נחל איז דורכן חתן דערהויבן געוואָרן צו אַ גרויס בחורל. דער חתן האָט נחלען געהאַלטן לעבן זיך און ער האָט געקוקט מיט אָנגעבלאָ־זענער גדלות צום גרויסן עולם און דער עולם, האָט שמייכלענדיק געקוקט צום קליינעם אָבער שיינעם גאַסט. און אַז מען איז נאָך געוואָרן געוואָרן, אַז דער דאָזיקער יינגאַרטש איז נישט קיין אַנדערער, ווי מלכס יינגל, איז ער געוואָרן אין זייערע אויגן גאָר־גאָר ליב, ווייל מלך איז זייער אַלטער גוטער חבר פון היגן בית־מדרש. אַז מ׳האָט געטרונקען „לחיים״, האָט מען חלילה נח׳לען נישט אויסגעמיטן און נח׳ל האָט געענטפערט „לחיים״ ווי אַ גרויסער מענטש.

אויף עקסטראַ איז נחלס מאַמע, לאה, געשטאַנען פון ווייטנס קעגן אים. זי האָט איינגענומען נחת. עס האָט איר שוין יאָ הנאה געטאָן פון דער גאַנצער נסיעה, וואָס אַלע דריי זיינען געקומען צופאָרן. אַ נחת אַזאַ חתונה. און ווי איר נחל זיצט עס ווי אַ בחור לעבן חתן.

זי האָט עס נאָר נישט געזאָגט מלכן, אַז זי איז שוין צופרידן. דאָס נישט.

ביילעקעלע דעם חתנס שוועסטערל אין ווייסן מיט די בלומען אין קאָפּ־האָר און אויפן אַקסל, איז אַלע מאָל צוגעלאָפן צו נחלען, אים עפּעס אַריינגערוימט אַ סוד אין זיין אויער. אַז זי קען טאַנצן . . . און אַז זי וועט מאָרגן טראָגן אַ בלוי זיידן קליידל . . . און נאָך און נאָך . . . עס איז אים זייער גוט געווען פון אירע ליפּעלעך, וואָס האָבן זיך געשעפּטשעט איבער זיין אויער . . .

די מיידלעך פון די אַנדערע צוויי מומעס, רבקהס און נעמעלעס, אסתרל און אַלטקע האָבן נעבעך דאָס נישט געקענט. זיי זיינען באַלד פון אָנהויב אַראָפּגעקלאַפּט געוואָרן פון טראָפּ.

לאהן, נח׳לס מאַמען, איז שוין גוט געווען, עס טוט איר שוין הנאה. איר גאַנץ פּנים שטראַלט.

***

זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט, אין מילדקייט פונם זיסן שלאָף. עס איז שוין גרויס אויפן טאָג. דער איינציקער איז געווען נחל, וואָס ער האָט שוין געוואָלט זיין אָן אָנגעטאָנענער און אַרויסגיין פאַרן הויז. עס איז געווען אַ שיינער יום־טובדיקער טאָג. שטיל האָט זיך אָפּגעשפּאַרט די טיר און עס איז אַריין די מחותנתטע, די קליינע און ברייטע מומע יהודית און מיט איר ביילקעלע אין אַ בלוי זיידן קליידל. די מומע האָט אַריינגעבראַכט אַ טאַץ מיט גלעזער מילך, קאַווע און טיי און קיכעלעך.

— גוט מאָרגן, מזל־טוב!

— גוט מאָרגן, מזל־טוב!

— מיין מיידעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט גאָר פרי. זי האָט זיך שוין געוואָלט אָנטאָן, ווען די ענער האָבן געקרייט.

ביילקעלע האָט אַ צעשמייכלטע געקוקט צו נח׳לען.

— טו זיך אָן, נחל, וועלן מיר אַרויסגיין אין דרויסן.

— אַ גאָלדן קינד — האָט דער פעטער מלך געזאָגט.

— אַ בריליאַנטן קינד — האָט געזאָגט די מומע לאה.

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת — האָט יהודית געזאָגט מיט אַ וואונק — אַז איך וואָלט באַשטאַנען אויף אַ „וואָרט" צווישן זיי . . .

— איך בין מסכים — האָט מלך זיך אויפגעכאַפּט מיט פרייד.

ביילקעלע האָט אָנגעקוקט מיט אירע ריידנדיקע שוואַרצע אויגן, גאָר נישט פאַרשטאַנען, וואָס זיי ריידן, אָבער אָנגעשטויסן זיך, אַז מען מיינט איר און נחלען . . .

נחל אָבער האָט אַ ביסל יאָ פאַרשטאַנען, וואָס עס הייסט אַ „וואָרט", איז ער רויט געוואָרן און געוואָרן אומרואיק, האָט זיך אַרונטערגערוקט אונ־טער דער קאָלדרע. די גרויסע האָבן זיך צעלאַכט. די מומע יהודית איז אַ צעשמייכלטע אַרויס מיט ביילקעלען, און לאה, אינגאַנצן אַ פאַרענדערטע, האָט זיך גענומען צו מלכן, וואָס ער האָט זיך אַזוינס אַרויסגעכאַפּט.

— דו מאַכסט מיר אומגליקלעך. איך האָב אָבער נישט געוואָלט, נישט איך און נישט דאָס קינד זאָלן מיר זיין אויף דער חתונה — האָט לאה זיך געיאַכמעט.

— וואָס שרייסטו אַזוי, לאהלע — האָט מלך געחוזקט פון זיין ווייב — דו פאַרשטייסט נישט קיין קאַטאָוועס, ווייל דו ביסט אַ נאַר.

לאהן איז אויסגעקומען, אַז די יהודית האָט חדשים און חדשים אויף דעם געלאָקערט. „זי האָט אונז אַריינגעכאַפּט". אָט דאָס האָט יהודית גע־וואָלט. מער פעלט עס נישט לאהן, נאָר אַז נחל זאָל נאָך אַריינפאַלן אין יהודיתלס הויז... ביי לאהן אַ „וואָרט" און תנאים איז געווען אַלץ איינס... איין קלייניקייט. הייסט עס, אַז עס איז שוין פאַרפאַלן . . .

— מיר פאָרן שוין אַהיים — האָט לאה גאַנץ רוגזדיק געזאָגט. — מיר וועלן פאָרן ביינאַכט אָדער מאָרגן אין דער פרי.

— וואָס איז דאָס געיעג ? — האָט מלך גערעדט גאַנץ געלאַסן, ווי ער וואָלט זיך געשפּילט מיט לאהס נערוון.

לאה האָט נעבעך אויסגעזעזן טאַקע ווי איינער, וואָס דערזעט זיך אַריינ־געפאַלן אין אַ געפערלעכער חברה.

דער מומע יהודיתעס לייט, אירע בני בית, האָבן צווישן זיך געשושקעט, אַז דער פעטער מלך מיט דער מומע לאה האָבן זיך אַ ביסל געקריגט.

אַז דער פעטער און די מומע זיינען אַרויסגעקומען, האָט מען זיי נאָכגעקוקט. עס איז עפּעס יאָ געווען ביי זיי צו דערקענען, אַז עס איז עפּעס ביי זיי דורכגעלאָפן. אָבער נחל אוןביילקעלע האָבן גוט פאַרברענגט מיט די אַלע איבעריקע קינדער פון דער משפחה. ביילקע און נחל זיינען געווען די פירערס. זיי האָבן גערעדט. זיי האָבן דערציילט. די איבעריקע האָבן געהערט . . . זיי האָבן אויך געוואָלט ריידן און דערציילן. עס איז אָבער גאָרנישט געראַטן, ביילקעלע און נחל האָבן באַלד געהאַט וואָס צו דערציילן, זיינען יענע געבליבן שטיל . . . ביילקעס אייגעלעך האָבן געבליצט צו נחלען און איר נעזל און אירע ריידעלעך אויפן שפּיץ־צונג, האָבן אים געוואַרעמט, און ער האָט אויף איר געקוקט, ווי ער גרויסט זיך מיט איר און דאָס האָט זי געזען און שטאָלצירט.

לאה האָט גערופן נח׳לען, ער איז שנעל צוגעלאָפן צו דער מאַמען, ער איז אָבער נאָך שנעלער צוריקגעלאָפן צו די קינדער, צו ביילקען. און דאָ האָט ביילקע איינגערוימט אַ סוד אין נחלס אויער. זי האָט אים געפרעגט: ווען ער פאָרט אַוועק? ער האָט געענטפערט „היינט אָדער מאָרגן אין דער פרי״ . . .

ביילקע האָט אויף אַ רגעלע זיך פאַרטראַכט.

דעם גאַנצן טאָג פון די „שבע ברכות״ זיינען געווען זייער אַ סך געסט. די קאַפּעליע האָט האַרציק געשפּילט און דער בדחן האָט פריילעך געמאַכט דעם עולם, האָבן ביידע קינדער, ביילקע און נח׳ל, זיך געהאַלטן צוזאַמען. נח׳לס מאַמע, לאה, האָט שוין געהאַט שטאַרקן פאַרדרוס, וואָס זי האָט היינט אַזוי גערעדט קעגן מלכן און קעגן זיי אַלע. זי האָט געהאַט גרויס חרטה. זי האָט געהאַט איצט דעם קלער, אַז עס קען זיין, אַז דאָס איז מן־השמים. אַזוי זעט עס איר אויס . . .

זי האָט איצט געהאַלטן אין איין רעדן צו ביילקעלען:

— אַ געזונט אויף דיין קעפּעלע, ביילקעלע . . .

— דו ביסט אַ גאָלדן קינד, קיין עין־הרע. . .

— דו האָסט ליב דער מומען?.. שפּילט זיך, שפּילט זיך, קינדער...

און לאה האָט געכאַפּט ביילקעלעס מאַמען צו אַ „קאַזאַקל״ . . .

# מענדעלע און רייזעלע

אַ טאָג נאָך סוכות. מענדעלעס טאַטע־מאַמע האָבן זיך נאָך אַלץ געיִשובֿט וואָס צו טאָן מיט זייער בן־יחיד: צי ווייטער אין זעלבן חדר, צי אין אַ העכערן חדר, אָדער אין קיין חדר נישט, נאָר אים לערנען אַ מלאכה. אין פאַרלויף פון טאָג האָבן זיי געדאַרפט באַשליסן אַזוי צי אַזוי, ווייל מאָרגן הויבט זיך אָן דער נייער זמן. מענדעלע איז יום־טובֿ געוואָרן בר־מצווה. ער האָט זיך שוין געהאַלטן פאַר אַ דערוואַקסענעם בחור. טאַטע־מאַמע האָבן אויך אַזוי געמיינט, אָבער פונדעסטוועגן איז ער נאָך ביי זיי געווען אַזוי אָפּגעציטערט, ווי ער וואָלט נאָך אַלץ געווען דאָס קליינע „ווילדע" מענדעלע.

מאיר און פריידע, מענדעלעס טאַטע־מאַמע, האָבן באַלד אינדערפרי שוין גערעדט וועגן דעם. ס'איז דאָך שוין שפּעט. עס איז זיי אָבער נאָך אַלץ שווער געווען אָנצונעמען אַ יִשובֿ. דאָס וואָס מאיר האָט נעכטן געזאָגט און פריידע האָט דאָס נישט געוואָלט איז עס היינט פּונקט פאַרקערט. היינט וויל דאָס פריידע און מאיר האָט חרטה. מען האָט דעריבער עס אָפּגעלייגט אויפן אָוונט. מאיר איז אַוועק צו זיין סקלאַד פון האָלץ און קוילן. פריידע האָט זיך פאַרטאָן אין דער שטוב־אַרבעט, וואָס האָט איבערן יום־טובֿ זיך אָנגעקליבן אַ „באַרג" און עס גייט דאָך עפּעס צו ווינטער, דאַרף מען ווידער אַ סך זאַכן באַזאָרגן. זי איז געווען שטאַרק פאַרטאָן. מענדעלע אַליין האָט גאָרנישט געטראַכט ווי זיך טאַטע־מאַמע. מענדעלע האָט זיך געהאַט זיינע געדאַנקען, זיינע חלומות. ער האָט פון לאַנג אָן געצויגן מיט אַלע זיינע פיבערן, ער זאָל ווערן עלטער, גרעסער, ער זאָל „דערגיין" צו דער בר־מצווה, אַ דערוואַקסענער מענטש, וועט ער דעמאָלט צופאָרן קיין ביאַלע זען רייזעלען, זיין רייזעלען. דער דאָזיקער חלום האָט זיך געשפּינט אין אים יאָרן.

מענדעלע האָט זייער קונציק זיך אַרויסגעשאַרט פון שטוב, אַז זיין מאַמע האָט דאָס נישט באַמערקט. ער איז אַוועק צום וואָקזאַל, געקויפט אַ בילעט און אַריין אין באַן. ער פאָרט . . . אין די ערשטע מינוטן האָט עס אים אַליין אויסגעזען קרום, ווילד און משוגע. ער פאָרט! ער איז געווען

דערשראָקן, ווייל ער האָט וועגן דעם נישט געזאָגט נישט דער מאַמען און נישט דעם טאַטן און וואָס וועט זיין, אַז ער וועט גאָרנישט טרעפן צו די אַלטבוימס? אַ פרעמדע שטאָט. ווער ווייסט צי זיי וואוינען נאָך אין ביאַלע? פיר יאָר . . . פיר יאָר, אַז זיי זיינען אַוועק פון שעדלעץ. זיין האַרץ האָט האַסטיק געקלאַפּט. אַ ביסל שפּעטער האָט ער זיך גאָר געפילט אויפגע־רוימט. זיינע אויגן זיינען געווען פאַרכאַפּט פון די פעלדער און לאָנקעס, וואָס זיינען „פאַרבייגעפלויגן", און וועלדער הויכע ביז צום הימל ווי דערפער. ברונעמס. באָרוועסע שיקסעס און אָט טאַנצט אַ שייגעץ מיט אַ שיקסע. ער האָט געגלויבט, אַז ער וועט היינט רייזעלען יאָ זען, אַז נאָך צוויי שעה, נאָך הונדערט און צוואַנציק מינוט און דער זייגער גייט . . . ער האָט שוין אַפילו געשפּירט, ווי ער וועט זיך שעמען און וואָס ער וועט זאָגן, אַז איר טאַטע דער בייזער, אָדער איר גוטע מאַמע וועט אים פרעגן: מענדעלע, וואָס טוסטו עפּעס אין — ביאַלע? . . .

ער האָט געקוקט צום כמורנעם הימל, געבעטן גאָט.

פריידע האָט ערשט פאַרנאַכט זיך געכאַפּט, אַז מענדעלע איז גאָר אין שטוב נישטאָ. ווען איז ער אַרויס? זי האָט עס גאָרנישט געדענקט. אַוודאי — האָט זי געטראַכט — רעדט ער זיך שוין איין, ער איז אַ גרויסער יינג, איז ער דאָך געוואָרן בר־מצוה און ער קאָן שוין טאָן וואָס אים גלוסט זיך. „אַוועקגעגאַנגען אין גאַס!"

ווען מאיר איז שוין אַהיים געקומען איז שוין געווען באַכט.

— וואו איז מענדעלע? — האָט ער גלייך געפרעגט, ווייל עס איז אין שטוב געווען צו שטיל. — וואָס איז, פריידע? — האָט מאיר זי געפרעגט, ווייל ער האָט אין איר געזען, אַז זי איז אומעטיק.

פריידע האָט אים דערציילט, אַז זי איז געווען פאַרנומען און זי האָט עס גאָרנישט באַמערקט ווען ער איז אַוועק.

— אָ, אָ, ס'הויבט זיך שוין אָן — האָט מאיר געזאָגט — ער איז דאָך שוין עפּעס געוואָרן בר־מצוה! און צוריקשמועסנדיק, וואָס איז די מורא?

אָבער אַ ביסל שפּעטער האָט מאיר באַמערקט אויף דער קאָמאָדע אַ פאַרשריבן פּאַפּירל, וואָס איז געלעגן אָפן, מיטן „פּנים" צו דער שטוב, ווי עס וואָלט זיך געבעטן: טוט אַ לייען!

— פריידע, קום נאָר אַהער, זע נאָר דאָ עפּעס. אַ טשיקאַווע מעשה.

ער האָט אַרויסגעלייענט פון אַ פּאַפּירל:

„איך פאָר קיין ביאַלע אויף עטלעכע טעג. אַ חבר וואָס פאָרט אַהין נעמט מיך מיט. איך וועל מסתמא זיין ביי אונזערע אַמאָליקע שכנים, ביי די אלטבוימס. איך געדענק זיי. כ׳האָב זייער אַדרעס אַרויסגענומען פון דיין שופלאָד, טאַטע. וועט איר צוליב דעם זיין אין כעס אויף מיר? איך רעכן אַז נישט, וואָרן וואָס איז עס דען? איך בין דאָך שוין אַ דערוואַקסענער בחור . . . מענדל״.

פריידע האָט געציטערט ווי אין קעלט. איר פּנים איז געווען שוואַרץ ווי קויל און מאיר האָט געוואַלדעוועט:

— וואָס איז ער פאַר אַ יינגל?! ר׳איז דאָך אַ משוגענער! וואָס הייסט געפאָרן?! צו וואָס און צו וועמען?! טו נאָר אַ קוק, ער וועט זיין ביי די אַלטבוימס. ער וועט. אַ משוגעת פון אַ יינג.

איצט האָט פריידע ווידער גענומען באַרואיקן איר מאַן: „ס׳איז דאָך שוין פאַרפאַלן. ער איז איצט זיכער ביי זיי. ער איז טאַקע אַ שטיקל פלאַטער־קאָפּ, אָבער ער וועט זיין ביי מיין נעמילען. מיר זיינען דאָך געווען ווי צוויי שוועסטער. נעמי מיט מיר און אַזוי רייזעלע מיט מענדעלען. עס איז שוין אַוועק אַזאַ לאַנגע צייט און טו אַ קוק, מאיר, ווי דער יינג געדענקט דאָס אַלץ. איך בין אים מקנא.״

מאיר האָט אָבער געקוקט אויף זיין ווייב, אַז זי איז אַזוי משוגע ווי איר זון.

—וואָס איז עס פאַר אַ רייד? אַ גרוס פון נעמילען. איז עס ביי דיר שוין גוט? וואָס איז עס פאַר אַ לשון?!

און מאיר איז אין כעס אַרויס פון שטוב.

— וואוהין, וואוהין מאיר?

מאיר האָט געענטפערט פון יענער זייט טיר:

— צום טעלעגראַף, צום טעלעגראַף.

פריידע האָט געהאַט עגמת נפש פון איר מאַן ראפטוס. וואָס עפּעס דעפּעשירן? נישט שיין. און מאיר האָט עס נאָך געזאָגט, אַז מענדעלע איז געראָטן אין איר . . .

⁂

די אַלטבוימס האָבן דאָ יאָרן געוואוינט אין דער אַנדערער שטוב.ביידע משפּחות האָבן זיך געלעבט ווי ברידער, ווי שוועסטער. וועלוול איז דאָך אַ קרומער מענטש און מאיר איז אויך נישט פון די גאָר לייכטע און דאָך האָבן זיי זיך געלעבט ווי אמתע און געטרייע ברידער.

זיי פלעגן זיך אָפט שפּאַרן און מיט קולות. וועלוול, וואָס איז געווען נאָר אַ היגער אײדעם, האָט נישט געהאַלטן פון שעדלעך. וואָס מאיר האָט דער־ציילט וועגן שעדלעך און שעדלעצער יידן, אַפילו אַזעלכע, וואָס זיינען שוין אויפן עולם האמת, האָט דער וועלוול זיך דערלויבט אַ קרום צו טאָן מיט דער נאָז, דאָס הייסט, אַז ער האַלט פון זיי גאָרנישט מיט גאָרנישט, האָט דאָך דאָס מאירן שטאַרק פאַרדראָסן און ס'האָט זיך געמאַכט לעבעדיק. — קולות. אַ מחלוקה. לויט וועלוולען איז גאָר אויסגעקומען, אַז נאָר זיין ביאַלע איז גוט און שעדלעץ טויג נישט . . .

פונדעסטוועגן איז עס מאירן געגאַנגען אין לעבן, אַז וועלוול זאָל נישט אַוועק און מען זאָל ווייטער זיין טיר ביי טיר.

— ביסטו זיכער, וועלוול, אַז דו וועסט דאָרט האָבן מער פּרנסה ווי הי ?

—אַוודאי אַזוי, מאיר.

האָט זיך ווידער געמאַכט לעבעדיק . . .

ביידע זיינען געווען כמעט אין איין עלטער, פיר־פינף און דרייסיק. ביידע האָבן שווער געאַרבעט אויף פּרנסה. מאיר אין זיין „סקלאַד" פון ברעך־האָלץ און שטיין־קוילן און וועלוול ווידער אויפן מאַרק ביי זיין טישל מיט רעשטלעך שניט־סחורות. מאיר האָט געאַרבעט מעשים צו פועלן ביי זיינע קונים, אַז זיי זאָלן קויפן ביי וועלוולען מציאות. און אַזוי האָט אויך וועלוול אַלעמען צוגערעדט צו קויפן האָלץ און שטיינקוילן נאָר ביי מאירן.

נעמי מיט פריידען פלעגן דעם גאַנצן טאָג שמועסן צווישן זיך. קיינע פון זיי האָט נישט געהאַט קיין סודות פאַר דער אַנדערער. לויט זייער פירונג, האָט זיך זיי אַליין אָפט געדוכט, אַז זיי זיינען גאָר שוועסטער־קינדער . . . אין גאַס אַריין פלעגן זיי גיין צוזאַמען. מען האָט איינגעקויפט צוזאַמען און מען האָט דאָס אַלץ צוזאַמען אַהיים געטראָגן. פריידע איז געווען אַ ביסל

אַ נידעריקע אין וואוקס און ברייטלעך. נעמילע ווידער איז געווען אַ העכערע און דינערע, אָבער ביידנס פנימער האָבן געזאָגט גוטס, ביידנס אויגן זיינען געווען האַרציקע און ביידע האָבן זיי גערעדט צעצויגן און צעזונגען. איינע האָט געפּיעשטשעט דער צווייטער:

— פריידעלע, זעסט מיר היינט אויס נישט וואַזשנע, וואָס איז?

אַ ביסל שפּעטער האָט גאָר פריידעלע עפּעס אַזוינס דערזען אין נעמיס־לעס פּנים:

—וואָס איז דיר נעמילע? האָסט שמערצן?

און ווי נאָר וועלוול האָט אויף ריכטיק געזאָגט, אַז ער פאָרט אַריבער קיין ביאַלע און ס׳האָבן שוין קיין רייד גאָרנישט געפּועלט איז גלייך אין ביידע שטובן, סיי ביי נעמילען און סיי ביי פריידעלען געווען „תשעה באב״. אַן אָפּגעלאָזנקייט. אַלץ איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ. ווער האָט דען אין זינען עפּעס צו טאָן אין שטוב! זיי האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט און געוויינט. זיי האָבן דאָס גאָרנישט פאַרשטאַנען ווי זיי וועלן דאָס אויסהאַלטן. עס האָט אויסגעזען ווי ביידע זיינען שונאים דעם וועלוולען.

אָבער אַזוי ווי מענדעלע מיט רייזעלען האָבן זיך איינגעלעבט האָט מען נאָך אַזעלכעס נישט געזען. רייזעלע האָט דאָך געהאַט אַ יינגער שוועס־טערל און נאָך אַ יינגער ברודערל, פּיצלעך קינדער, מען האָט כסדר זיי געדאַרפט האַלטן ביי די הענטלעך, אָבער דאָך האָט רייזעלע זיך מיט זיי נישט אַזויפיל אָפּגעגעבן ווי מיט מענדעלען, כאָטש ער איז אַלט געווען פונקט ווי זי. זי האָט געציטערט איבער מענדעלען, עס זאָל אים חלילה קיין שלעכטס נישט געשען און יעדע מינוט איז ער געווען אין סכנה און ביי יעדער סכנה איז רייזעלע אים אונטערגעקומען און אים געראַטעוועט. ער האָט נאָר ליב געהאַט אַריבערצולויפן די גאַס און דאָ זיינען פון ביידע זייטן געלאָפן פּויע־רישע פורן איינע קעגן דער אַנדערער און גאַנץ אָפט זיינען פון ביידע זייטן פערד און וועגענער אַרויף אויף זיך, אַז די פערד האָבן פאַר שרעק זיך צע־הירזשעט און זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס מיט די פאָדערשטע אַרויף איבער די קעפּ. עס איז געווען געפערלעך אין גאַס און מענדעלע האָט נאָר ליב געהאַט אַריבערצולויפן די גאַס פונקט, ווי ער האָט ליב געהאַט צו פאַרקריכן אויף דער לאַנקע וואו עס „טשאַטעווען״ דעם גלחס הינט, געלע און בייזע. רייזעלע פלעגט שטענדיק דערזען די געפאַר פאַר מענדעלען. זי

איז שוין געשטאַנען לעבן אים, געהאַלטן אים ביים האַנט און ווי ער האָט זי דערזען איז ער גלייך געוואָרן אַ רואיק נאָכגיביק ייִנגעלע. ער איז געשטאַנען פאַר איר ווי ער וואָלט געווען איר פּיצל ברודערל . . .

שיין איז רייזעלע געווען ווי אסתר המלכה קליינערהייט, אָבער זי איז שטענדיק געווען אויסגעבלייכט, אַלץ צוליב מענדעלען.

און אַז רייזעלע האָט מיט אירע אויערן אויפגעכאַפּט, ביי אַ הייסן וויכוח צווישן טאַטע־מאַמע, אַז מען פאָרט גאָר אינגיכן אַוועק פון שעדלעץ, האָט זי נעבעך צוליב דעם פאַרלוירן דעם אַפּעטיט צום עסן און זי איז ברוגז מיט איר שטוב. זי האָט זיך געפילט שולדיק קעגן מענדעלען: ווי לאָזט מען אים אַזוי איבער?! און ווי זי וועט בענקען צו אים. מענדעלע האָט איר באַצייטנס געמאַטערט, זי זאָל נישט פאָרן. „דו וועסט בלייבן מיט מיר". ער איז אַריינגעפאַלן צו זיין מאַמען, אַז רייזעלע זאָל דאָ בלייבן. „מאַמע, זאָג יאָ" און דאָ איז ער אַרויס צו רייזעלען, איר געפרעגט: „וואָס"? ווי ער וואָלט איר געפרעגט וואָס איז געבליבן? צי בלייבט זי אָדער נישט? עס האָט אין אים געיאָגט אַן אימפּעט. ער איז געווען אין כעס אויף זיין מאַמען, וואָס זי טוט גאָרנישט. „גיי אַריין, זאָג זיי". עס האָט אים אַפילו געאַרט אויך אויף רייזעלען, וואָס זי שרייט נישט, וואָס זי וויינט נישט . . .

עס איז געווען פאַר אים אַ שרעקלעכער פרימאָרגן, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, און אויפגעכאַפּט האָט ער זיך אַ סך פריער ווי שטענדיק און ער האָט גלייך דערקענט אין זיין שטוב, אַז זיי דאַרט מיט רייזעלען זיינען שוין נישטאָ . . . ער האָט זיך ביטער פאַנאַנדערגעוויינט. ביים גאַנצן אָו־מעט האָבן טאַטע־מאַמע פונדעסטוועגן זיך פאַנאַנדערגעשמייכלט איבער זייער ייִנגל . . .

***

ווען מענדעלע איז אָנגעקומען אין ביאַלע איז שוין געווען פינצטער און ס'האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט. דאָס צעטעלע מיטן אַדרעס פון די אַלטבוימס האָט ער געוויזן די פאַרבייגייער. די מענטשן האָבן נישט געהאַט קיין געדולד צום קליינעם ייִנגל.

עס איז זיי געווען קאַלט און זיי האָבן זיך געיאָגט אַהיים. מענדעלע האָט ווידער עמיצן אָפּגעשטעלט. עס איז אים נישט גוט געוואָרן מענדעלען.

אין קלייניקייט, דער מענטש זאָגט דאָך, אַז עס איז גאָר נישטאָ אַזאַ גאַס אין ביאַלע, אָבער מענדעלע האָט נאָך געהאַט האָפענונג. ער האָט דאָס צע־טעלע געוויזן אַ יינג בחורל. ווי ער שמייכלט, ער איז גוט און ער ווייסט יאָ וועגן דער דאָזיקער גאַס. דעם יינגלס ברייט און אָנגעפרוירן פנים האָט צו אים גוט געשמייכלט. ער האָט אים נאָך געפרעגט פון וואַנען ער איז און צי די מענטשן זיינען זיינע קרובים. אַ יינגל, אַ מלאכל.

— זעסט דאָרט די מויער, דאָרט וואו ס׳שטייט די דראָזשקע? דאָרט אין יענעם הויז — האָט יענער געלאַכט.

***

עס איז מענדעלען פאָרגעקומען גאָר מאָדנע, אַז דאָ אין דעם הויז און דאָ אָ אין דער דאָזיקער טיר איז רייזעלע . . . עס איז עפּעס נישט גלויבלעך. ער האָט אימפּעטיק געטאָן אַ צי די טיר, אַזוי זיינען, מאָדנע ווי עס איז, אַלע, אַלע, טאַטע־מאַמע און רייזעלע, אַלע זיינען ממש צוגעשפּרונגען צו אים און מיט קולות: „מענדעלע, מענדעלע״, זיי אַרום אים און ער אין אַ ראָד פון זיי. ער איז צעטומלט און מען שרייט אַלץ איבער אים „מענדעלע, מענדעלע״.

— וואָס מאַכסטו מענדעלע, וואָס מאַכט די מאַמע און דער טאַטע? — דאָס האָבן אים אַלע אויף איין מאָל געפרעגט.

ער איז געווען צעטומלט. ער האָט נאָר געפרעגט: „איר דערקענט מיך? איר דערקענט?״

— עס איז דאָך אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון דיין טאַטן — האָבן אַלע געלאַכט.

— און וואָס מאַכט איר אַלע? און וואָס מאַכסטו רייזעלע? רייזעלע?

— האָט איצט מענדעלע געפרעגט מיט אַזאַ פּנים פון פרייד און איבעראַשונג, אַז רייזעלעס טאַטע־מאַמע האָבן גלייך זיך קייכנדיק צעלאַכט און רייזעלע איז געווען רויט, ווי מען וואָלט איר דאָ עפּעס פאַרשעמט . . .

רייזעלע האָט אַן אויפגערעגטע זיך געדרייט אין אַ ראָד מיט צאַפּלענ־דיקע הענט איבער איר האָרץ.

רייזעלעס שוועסטערל און ברודערל האָבן אַרומגעטאַנצט אַרום אים:

— און מיך קענסטו?

— און מיך?

ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן.

— מיין נאָמען איז רחלע.

— מיין נאָמען ניסעלע.

אַ אָפּגעסאָפּעטע האָט רייזעלע איצט געפרעגט מענדעלען:

— ווי האָסטו געטראָפן צו אונז? ביסט כאָטש געווען פאַרזיכטיק מיט דער באַן?

איצט האָט מענדעלע געקוקט דאָ און דאָרט. ער האָט דערקענט נעמילען און וועלוולען. ער האָט שטענדיק געמיינט וועלוול איז אַ בייזער. ס'איז נישט אַזוי. ער זעט אויס גאָר אַ גוטער, נעמילע איז צום דערקענען, נאָר אַ ווייסע פּאַס האָר רעכטס איבערן אויער, אָבער די אויגן זיינען ווי געווען, האַרציקע גוטע.

ער האָט נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון רייזעלען. אַ גרויסע רייזעלע און ווי שיין. ער געדענקט אַלץ. געדענקט.

— זאָג מיר טייערער מענדעלע — האָט נעמילע פּונקט ווי אַמאָל מיט איר צעצויגענעם געזאַנג אים געפרעגט — וואָס טוסטו עפּעס אין ביאַלע?..

ער האָט אויף דעם זיך געריכט. ער האָט גוט געשמייכלט:

— איך בין געקומען זען רייזעלען . . .

און אַז אַלע האָבן געלאַכט און רייזעלע האָט אויך געלאַכט, האָט ער מיטגעלאַכט.

— פאַרוואָס זשע האָסטו טאַטע־מאַמע גאָרנישט געזאָגט, אַז דו פאָרסט?

— האָט וועלוול אים געפרעגט.

— איך האָב זיי איבערגעלאָזט אַ בריוול. איך האָב זיי געשריבן. און ווען איך פרעג זיי, וואָלטן זיי מיר געזאָגט גוט? ניין, און איך בין שוין אַלט דרייצן יאָר — האָט מענדעלע גערעדט מיט שטאָלץ.

— קינדערלעך, צום טיש — האָט נעמילע געזאָגט — וועלוול, מאַך ליכטיקער.

***

די ראַשיקע ליכט אין שטוב און דאָס וואָס רייזעלע זיצט לעבן אים און איר מאַמע אַקעגן אים און רייזעלעס טאַטע און דאָ איר שוועסטערל און

דער קליינער ניסעלע, האָבן אים אויסגעזען כישוף. ער האָט אַלעמאָל אַ קוק געטאָן צו רייזעלען און זי, דאָס גוטע רייזעלע האָט געשמייכלט, האָט מענ־דעלע מורא געקריגן, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ חלום . . .

— איך בעט אייך — האָט ער גערעדט צו וועלוולען — איר זאָלט מיר שפּעטער אָוועקפירן צו דער פּאָטשט, וועל איך טעלעגראַפירן מיינע עלטערן אַז איך בין ביי אייך. זיי קלערן זיכער, אַז איך בלאָנדזשע . . .

וועלוול האָט גוטמוטיק געשמייכלט:

— יאָ. מיר וועלן צוגיין.

— איך וועל מיט דיר, טאַטע, צוגיין און ער וועט זיך לעגן שלאָפן.

נעמילע האָט אַ שמייכל געטאָן, אָבער טרערן זיינען געהאַנגען אין אירע אויגן.

— וואָס עפּעס אין מיטן דערינגען, נעמי? — האָט וועלוול זיך גע־וואונדערט.

— וואָס זאָל זיין? איך גלויב מיר נאָך איצט אויך נישט, אַז מענדעלע איז איצט אין אונזער שטוב און ער זיצט לעבן רייזעלען . . .

— זאָג מיר, מענדעלע, וואָס איז מיט מאַלין?

— זי איז שוין אַ כלה.

— וואָס מאַכט דער אַלטער משה און זיינע טעכטער?

—משה און זיין ווייב וואוינען ווייטער דאָרט. די מיידלעך האָבן חתונה געהאַט אין איין וואָך און זיי זיינען אַוועק קיין אַמעריקע.

— וואָס איז מיט שלמהלען?

— ער איז דאָך געוואָרן אַ יתום! — האָט דאָס מענדעלע געענטפערט מיט אַ קוויטש פון וואונדער, וואָס מען ווייסט גאָרנישט דערפון — זיין טאַטע איז דאָך געשטאָרבן. אַז שלמהלע קומט אַהיים פון דער ישיבה, איז ער אין געוועלב, העלפט אַרויס דער מאַמען. איך קום אָפט און איך העלף שלמהלען.

— מענדעלע, דאָס בעט איז געמאַכט. לעג זיך שלאָפן — האָט רייזעלע אים געזאָגט.

— שפּעטער אַ ביסל, רייזעלע. כ'בין נישט שלעפעריק.

מענדעלע האָט נאָכגעקוקט רייזעלען ווי אַזוי זי האָט אַראָפּגענומען די לעדיקע טעלער פון טיש. רייזעלע האָט אים איצט אויסגעזען ווי מיט אַ שטאָלץ פון אַ כלה . . . דאָס האָט אים תענוגדיק אויפגערודערט.

אַ געמיטלעכע און שפּילעווודיקע ווי איר שטייגער האָט נעמילע איצט זיך מיט פֿאַרגעניגן דערמאָנט און גוטמוטיק דערציילט:

„ס'איז געווען זומער פֿאַרנאַכט. איך מיט רייזעלען און פֿריידעלע מיט מענדעלען, זיינען מיר געזעסן אויף די טרעפּלעך פֿון בישעווסקיס הייזל, ביי דער ראָגאַטקע פֿון דער גאַס און דעם שאָסיי. און דאָ האָט אָנגעהויבן רעגע־נען מיט אַ געוויטער. ביידע קינדער שלאָפֿן געשמאַק. איך האָב געוועקט ריי־זעלען און זי האָט זיך לייכט אויפֿגעכאַפּט. פֿריידעלע האָט געוועקט און גע־וועקט און געוועקט און מענדעלע איז ווייטער געשלאָפֿן, אָבער דאָ האָט ער זיך אַליין אויפֿגעכאַפּט אַ דערשראָקענער: „וואו איז רייזעלע?".

— און דאָס געדענקסטו, מענדעלע — האָט ווידער רייזעלע זיך דער־מאָנט — ווי איך האָב גערעדט אויף יידיש צום גרויסן, געלן, בייזן הונט, וואָס האָט דיר נאָכגעיאָגט: „פֿאַרוואָס ווילסטו עס בייסן מענדעלען?" ווי ער איז שטיל געוואָרן, אַראָפּגעלאָזט די מאָרדע און איז אַוועק.

— און די מעשה מיט דער דראָזשקע? — האָט ווידער מענדעלע זיך דערמאָנט — עס איז עפּעס געווען אַזאַ טאָג, דוכט מיר חול המועד, נישט לאַנג פֿאַר אייער אַוועקפֿאָרן. אונזער גאַס האָט געלעבט. דראָזשקעס פֿון אַלע זייטן מיט יום־טובדיקע ייִנגלעך און מיידלעך און איך זע ווי רייזעלע איז אומעטיק. זי איז זיי מקנא. איך בין אַריין אין שטוב, צעבראָכן מיין ערדענע „קאַסעלע" און איך בין מיט רייזעלען אַראָפּ צו דער פּיענקנע גאַס, צו די דראָזשקעס. זי האָט מיר געהאַלטן אין איין פֿרעגן צו וואָס מיר גייען אין גאַס אַריין און דאָ ווידער, האָט זי נישט געוואָלט אַריין אין דער דראָזשקע. איך זאָל איר ווייזן געלט און אַז איך האָב איר געוויזן, האָט זי מיר ווידער געפֿרעגט: פֿון וואַנען איך האָב דאָס, אָבער געפֿרייט האָט זי זיך. ווי מיר זיינען עס ברייט געזעסן אין דער דראָזשקע מיט די הויכע גומענע רעדער, גלייך מיט אַלע, גלייך מיט אַלע. מיר זיינען נאָך געפֿאָרן אַרום און אַרום. אַזוי האָב איך געזאָגט דעם דראָזשקער און ווי די דראָזשקע מיט אונז האָט עס געגעבן אַ ברייטן פֿאָר צו פֿאַר אונזער טויער.

— ס'איז טאַקע אַזוי געווען — האָט רייזעלע זיך איצט געפֿרייט וואָס ער האָט אין דעם דערמאָנט.

— האָט ער אַ קאָפּ! — האָט נעמילע אים באַוואונדערט — זאָל ער נאָר געזונט זיין.

— מענדעלע, גיי אין בעט אַריין — האָט װעלװל געזאָגט — מיר גייען צום טעלעגראַף.

מענדעלעס אויגן זיינען שוין געווען קליינינקע פון מידקייט. ער האָט מיט פאַרגעניגן נאָכגעקוקט רייזעלען ווי זי גייט מיט איר טאַטן אַרויס פון שטוב. אַ גרויסע רייזעלע . . . וואָס פאַר אַ שיינע רייזעלע . . . און איז אַנטשלאָפן געוואָרן אין אַ זיסן שלאָף.

⁂

אין דרויסן האָט געבלאַנקט אַ לייכט, פריש פרעסטל און די זון האָט נאָך זומערדיק געשיינט. זיינען זיי אַלע געגאַנגען צום באַן. מענדעלע אין דער מיט. יעדער האָט געהאַלטן די האַנט, אָדער כאַטש אַ פינגער אויף מענדעלען און מענדעלע האָט עס אַריינגערעדט אין רייזעלען און זי ווידער, רייזעלע, האָט אויך בישט געשוויגן. זי האָט אים געענטפערט. אירע אויגן און די ליפּן האָבן געפלאַטערט ווי בלימלעך אויף אַ לייכט ווינטל. רחלע און ניסעלע זיינען געשפּרונגען אַקעגן און געבעטן: „פאַר נישט, מענדעלע!"

אַלעמענס פּנימער זיינען געוואָרן פאַרוואָלקנט, דערזעענדיק אָנקומען די באַן. רייזעלע און מענדעלע האָבן אויסגעזען אויפגערעגט.

— ווען וועסטו ווידער קומען, מענדעלע? — האָט עס נעמילע מיט בענקשאַפט זיך צעזונגען.

— איך האָב אָפּגערעדט מיט רייזעלען . . . — האָט מענדעלע אימפּעטיק געענטפערט.

— וואָס פאַר אַ גרוס וועסטו פון אונז אָפּגעבן? — האָט אים נעמילע געפרעגט.

— אַ גוטן, אַ טייערן.

זיינע אויגן האָבן געברענט. ער האָט אויסגעזען נערוועז.

מענדעלע איז שוין דריי מאָל אַריין אין וואַגאָן און דריי מאָל אַרויס.

אַ גערויש אַרום און אַרום און אויפרעגונג.

— מענדעלע, וועסט זיך נאָך פאַרקילן — האָט אים רייזעלע געוואָרנט — גיי אַריין און זעץ זיך ביים אָפענעם פענצטער.

ער האָט זי גערופן, זי זאָל אַרויפקומען און ווי זי איז אַריין האָט די

באַן אַנגעהױבן גײן. האָבן זײ בײדע געלאַכט און די מאַמע און דער טאַטע זײנען נאָכגעלאָפן מיטן זאָג, אַז רײזעלע זאָל אַראָפּ אױף דער ערשטער סטאַ־ציע. זײ האָבן אױסגעזען דערשראָקן. האָט מען גערעדט און גערעדט און געפּרײט זיך און געלאַכט און דאָ, די סטאַציע איז שױן דאָ. װי שנעל.

— װאָס־זשע, מענדעלע, גײסטו אױך אַראָפּ ?

— פֿאַרװאָס נישט, רײזעלע ?

האָבן זײ בײדע שפּאַצירט מיט דער דאָרפֿישער סטעזשקע אונטערן װאָקזאַל. דאָ איז אַ סך בעסער װי אין ביאַלע. ליכטיקער. די זון שפּיגלט זיך אין די דעכער. און זײ זײנען אַלײן, ער און רײזעלע. ער האָט עס גאָר־נישט אין זינען געהאַט, אַזױ פֿון זיך אַלײן האָט ער זיך צוגעבױגן צו רײזעלעס פּנים און איר געטאָן אַ קוש. זי האָט געשמײכלט. זײערע אױגן זײנען געװען שיכורלעך.

— װען זשע קומסטו, רײזעלע ?

— גאָר אינגיכן. ס׳װעט נישט געדױערן קײן פֿיר יאָר — האָט רײ־זעלע געלאַכט — קײן פֿיר יאָר . . .

טרערן האָבן זיך אים אַזש געשטעלט אין די אױגן פֿאַרן דערמאָנען אים די זינד מיט די פֿיר יאָר, האָט זי איצט װידער געלאַכט און אים גע־טרײסלט: „מענדעלע, מענדעלע . . .” איז שױן װידער אַ צוג. מען האָט גאָרנישט געבענקט נאָך אים.

אַז מען איז אַרײן אין װאַגאָן איז װידער רײזעלע געװען אומעטיק.

— װאָס איז, רײזעלע ?

— ס׳איז גאָרנישט.

— ס׳איז דאָך פֿאָרט.

אָט איז װידער ביאַלע. אַ שמחה אױפֿן פּעראָן, דערזעענדיק דאָס פּאָרל. רײזעלעס מאַמע האָט געמאַכט מאַמעשע קולות, װי זי װאָלט איצט ענדלעך דערזען דאָס פּאָרפֿאָלק, נאָך אַזאַ לאַנגע רײזע. רײזעלעס טאַטע האָט אױס־געזען געל, װי ער האָט דאָ געהאַט די גאַנצע צײט אַ שװער האַרצקלאַפּן און רחלע מיט ניסעלען האָבן געטומלט און געשפּרונגען: „װאו ביסטו געװען רײזעלע ?”

בעמילע האָט דערװײל ערגעץ דאָ געקױפֿט אַ ביסל עסן פֿאַר די קינ־דער. זײ װעלן דאָך קומען הונגעריקע. זי האָט געטראָפֿן, בעמילע. רײזעלע

און מענדעלע האָבן געגעסן מיט אַפּעטיט און נישט נאָר זיי, נאָר אויך רחלע און ניסעלע און נישט נאָר זיי, נאָר אויך נעמילע און וועלוול. אַלע האָבן געגעסן און מיט אַ גוטן אַפּעטיט.

— ווען זשע וועסטו טאַקע נאָכאַמאָל קומען, מענדעלע? — האָט נעמילע ווידער דאָס געפרעגט ווי זי וואָלט זיך אַזוי געשפּילט, ווי זי האָט ליב צו הערן איר פראַגע און זיין ענטפער.

— מיר האָבן אַלץ אָפּגערעדט — האָט מענדעלע ערנסט געענטפערט.

ווי נעמילע האָט דערזען די באַן אָנקומען, די ריכטיקע, די אמתע, האָט זי כמעט ווי אַ געשריי געטאָן: קינדער שעמט זיך גאָרנישט און קושט זיך!

איז זי אַ טייערע מאַמע. רייזעלע האָט איר געפאָלגט און מענדעלע האָט איר אויך געפאָלגט, זיי האָבן זיך אַרומגענומען ווי דערוואַקסענע און זיך געקושט, זיך געקושט.

יעדער קוש האָט אַ שאַרפן צופּ געטאָן אין טאַטע־מאַמעס הערצער. און אַלע האָבן געקושט מענדעלען — די קליינע און די גרויסע.

אַז די באַן האָט גערירט, איז מענדעלע געשטאַנען אין אָפענעם פענצטער.

— ווי צום שנעלסטן זאָלסטו קומען, רייזעלע.

— נעמילע, איר אויך.

רייזעלע האָט אַ פאַרזאָרגטע נאָכגעקוקט דעם צוג, וואָס לויפט אַזוי ראַש. פאָרט דאָך דאָרט איר מענדעלע . . .

# לייזער שניידערס קינדער

דאָס געסל איז נאָך אַלץ שטאָט און דאָך איז עס ווי אַ באַזונדערער ישוב, מיט אַן אייגן לעבן. פאַר אַ שטאָטישן אַראָפּצוקומען אין געסל, הייסט פאַר אים ווי אַריינצופאַלן אין אַ פרעמדער סביבה, גאָר אַנדערע מענטשן. פון געסל ווידער גייט מען אין שטאָט אַריין בלויז צו דער אַרבעט, אָדער צו מסחר, אָבער דאָ, אין געסל איז די היים. מען זיצט דאָך דאָ צווישן סעדער און גערטנער. לייכטע און שמעקעדיקע ווינטלעך יאָגן זיך פון די סעדער און גערטנער. אַ פאַרגעניגן פאַר אַ פאַרהאַרטעוועטן מענטש. אמתער גן־עדן איז אין די אָוונטן. אונטער דעם געשורשעריי, וואָס גייט אַהער פון די פעלדער און אונטער דעם גלעט פון די אָוונט־ווינטלעך, איז עס אַ מחיה דאָ צו כאַפּן אַ דרעמל, טאַקע אין דרויסן. די ווייבער, די שכנטעס אין געסל זיצן אויך אין דרויסן צוזאַמען און מ׳רעדט וועגן אַלץ. דאָ זיינען נישטאָ קיין סודות. ווי אין אַ געטרייער משפחה, ווערט אַלץ צעלעגט אויף טעלערלעך. מען לויבט און מען מאַכט צונישט. יינגלעך און מיידלעך ווידער טומלען אין געסל ביז שפּעט אין אָוונט.

לייזער דער שניידער איז דאָ פון די אַלטע תושבים, נאָך פון דעמאָלט, ווען ער האָט געגעסן קעסט ביי זיין שווער, ביי אַנשל צעשלער. אים חלומט זיך גאָרנישט זיך אַריבערצוקלייבן אין שטאָט. אמת, אַז די שענסטע באַלעבאַטים פון שטאָט קומען צו אים, ווייל אַזאַ שניידער איז גאָר אין שטאָט נישטאָ. לייזערס אַרבעט שמעקט און שפּיגלט און עס איז גאָרנישט טייער. לייזערן דאַרף מען גאָרנישט לערנען און זאָגן ווי צו מאַכן. ער גיט אַ שמייכל, ער ווייסט שוין. ער גיט נאָר איין קוק און ער איז שוין צופרידן. בכלל האָט לייזער שניידער הנאה פון זיך, פון זיין גרויס בעל מלאכהשקייט און ווי ער לעבט זיך עס דאָ אַזוי בריות און במנוחה, טאַקע ווי מען קען נאָר אין געסל, נישט אין דער ענגשאַפּט אין שטאָט. לייזערס שטוב איז ליכטיק און ער, לייזער, איז אויך ליכטיק און זיין קליין מיזיניקל, כאַיוטקעלע פאַר־רייסט נייגעריק דאָס קעפּל צום טאַטן, ווען ער „גייט“ מיט דער שער איבער

דער, מיט קרייד געצייכנטער ליניע, איבער דער שניט־סחורה און ווי ער הויבט דערביי שמייכלענדיק זיינע ברעמען. דאָס קינד צעלאַכט זיך האַרציק: „טאַ־טע, טאַטע!"

און פונקט ווי לייזער איז אַזאַ שטילער און שטענדיק אין שטוב, שטענ־דיק ביים שניידער־טיש אַזוי איז זיין אסתר־פייגל דער היפוך. זי, די ברייטע אסתר־פייגל איז די „מאַמע" אין געסל, די מאַמע ביי שמחות און, זאָל מען באַהיט ווערן, אויך די מאַמע ביי צרות.

אָן אסתר־פייגלס מבינות קויפט מען נישט קיין צירונג פאַר חתן־כלה. אָן איר עצה רירט מען זיך בכלל נישט און אַט למשל ווידער ביי צרות, אַז זי גיט אַ געשריי: „ראַטעוועט!" פאַרשטייט מען, עס איז נישט גוט, אַז אסתר־פייגלען געפעלט נישט דער קראַנקער. מען לויפט שוין נאָכן דאָקטאָר און אַפילו ווען דאָקטאָר צו נעמען זאָגט אויך אסתר־פייגל. ווייבער זיצן דאָך אַרום איר און מען קוקט איר אין מויל אַריין, וואָס זי וועט אַזעלכעס זאָגן . . .

***

אַלע יאָרן האָט אסתר־פייגל זיך איינגערעדט, אַז אירע קינדער וועלן זיין אין איר געראָטן. ערשט היינט זעט זי, אַז דאָס איז געווען אַן איינריידעניש. חיים און מאָטל זיינען שוין דערוואַקסענע מענטשן. איין און צוואַנציק און ניינצן. זיי מעגן שוין ביידע זיין גאַנצע מענטשן — און נישט. עס איז גאָר אַנדערש. אָן קיין סיבה זיינען ביידע ברידער זיך פרעמד, ווי זיי וואָלטן אַפילו קיין שכנים נישט געווען און יעדער פון זיי האָט אַזעלכע חסרונות, וואָס צעווייטיקן דער מאַמעס האַרץ.

חיים איז אַ צו־שטילער, כמעט אַ ברוגזער, ווי ער וואָלט אויף אַלעמען געווען אָנגעצויגן. פאַרוואָס? עס געפעלט אים מן־הסתם נישט די שטוב. אַזוי ווי ער עסט אָפּ — גייט ער אַוועק אין שטאָט אַריין. אין וועמען איז ער עס געראָטן?

מאָטל איז שוין אַן אַנדערער, אַ צוגעלאָזענער, אַ האַרציקער, ער וועט פאַר מענטשן גיין אין פייער אַריין. פאַר כאַיוטקעלען איז מאָטל אַ פרייד. זי לויפט צו אים מיט קלינגענדיקן געלעכטערל און מאָטל טוט איר אַ כאַפּ אַרויף אויף זיינע ברייטע פלייצעס: „כ'האָב אַ שעפּסעלע צו פאַרקויפן".

דאָס קינד איז איבערגליקלעך און לאַכט אַזוי האַרציק, אָבער ער איז אַ פּראָס־טער יינג — מאָטל, נישט געראָטן אין טאַטע־מאַמע. זיין אַרבעטן און עסן איז ווי פון אַ פויער אויפן פעלד. ער עסט מיט אַלע זיינע אברים און יאָגט זיך דערביי, ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו בלייבן שטיין אַפילו אַ סעקונדע. און ביים טיש שטייט ער נישט, ווי אַ שניידער, ווי זיין טאַטע, נאָר ווי אַ רוצח. זיין אַוועקשטעלן דעם צעגליטן פּרעס־אייזן איבערן שטיק געוואַנט, איז פונקט ווי ער וואָלט מיט קאָכעדיקע וואַסער אַ לעבעדיקן מענטש אָפּגעריילט. אַזוי צעזידט זיך דאָס געוואַנט אויפן קול.

***

חיים גייט יעדן טאָג אַוועק צו גאַוריש שטערן, צו מלך שטערנס בחורל, וואָס איז אַ באַלעבאָס פון אַ ברייט צוויי־שטאָקיק הויז, אין סאַמע מיטן שטאָט. ביי די שטערנס איז סתם אַ מחיה צו זיין. עס איז דאָרט שיין און שטענדיק פריילעך. פון טאָג צו טאָג איז דער שמועס ביי ביידע חברים זיך צעוואַקסן, אָבער שטענדיק איז עס געגאַנגען וועגן איינס, וועגן זייער צוקונפט.

אויף די גאַמבעס פון ביידע בחורים שפּראָצן שוין הערעלעך. ביידע זיינען אין לעצטן יאָר אויסגעוואַקסן, הויכע יינגען. יעדן טאָג ווייזט גאַוריש חיימען פאָטאָגראַפיעס פון מיידלעך. יעדע פון זיי קען זיין זיין כלה און יעדן טאָג קריגט גאַוריש אַ נייע קאָלעקציע פון פאָטאָגראַפיעס, וואָס אברהם־נתן, דער גבירישער שדכן שטעלט צו זיין מאַמען. פאַרפלאָכטענע, אַראָפּגעלאָזטע צעפּ און צעפּ פאַרלעגטע, ווי אַ בייגל, אונטערגעשוירענע האָר און פאַנטאַסטיש־צעלאָזענע האָר איבער די פּלייצעס. אויגן פרישע, שאַרף קוקנ־דיקע און אויגן מידע, אַראָפּגעלאָזענע, בלויע, גרויע, סאַמעט־שוואַרצע, גוטע, מילדע, האַרציקע. יעדע פון זיי קען זיין זיין כלה.

די אויגן פון די צוויי חברים גראָבן זיך אין די פאָטאָגראַפיעס . . .

אָבער גאַורישעס מאַמעשי, די מאַדאַם גוטשע שטערן, קען זיך נאָך אַלץ נישט דעציזירן. זי וואַרט, אפשר וועט אונטערקומען נאָך בעסערס . . .

חיימס מאַמע האָט אויך שוין אָנגעהויבן קריגן פאָטאָגראַפיעס פון אברהם־נתן שדכן. אברהם־נתן האָט אַפילו געזאָגט אסתר־פייגלען, אַז דאָס איז

„ערשטער סאָרט״, אָבער דאָס קען מען נישט איינריידן אסתּר־פייגלען, זי פאַרשטייט עס . . .

דאָס ערשטע, וואָס אסתּר־פייגל האָט געזוכט צווישן די פאָטאָגראַ־פיעס איז געווען אַ שיין מיידל. עס גייט איר אין לעבן צו האָבן אַ שיינע שנור, אָבער וואָס קומט אַרויס — טענהט אסתּר־פייגל, אַז אויף די פאָטאָגראַ־פיעס זיינען אַלע מיידלעך שיין . . .

פונדעסטוועגן האָט אסתּר־פייגל זיך אָפּגעשטעלט אויף איין בילדל, בפרט, אַז זי האָט דערזען, חיימס אויגן האָבן זיך צו דעם צוגעקלעפּט און אויף זיין פּנים טוישן זיך די קאָלירן. אַ חנוודיק, שלאַנק מיידל, זעט אויס נאָך אַ קינד, זעט אויס אַ שטיפערקע. דאָס געלעכטערל שיינט אַראָפּ פון איר שיין פּנים. דאָס מיידל הייסט שרהלע און איז לייבל וואַדינערס טאָכטער, פון וואַדין, וואָס איז האַלב־דאָרף, האַלב־שטעטל, אַ פּשוטן יידס אַ קינד.

לייבל וואַדינער איז שוין יאָרן פאַרזאָרגט, וואָס ער זיצט אין קליינעם אָרט, ווייל וואָס וועט דאָ זיין? די קינדער וואַקסן.

יעדן דינסטיק קומט לייבל וואַדינער צו פאָרן אין שטאָט. לפּנים הייסט עס צום מאַרק, אָבער אין דער אמתן, קומט ער צו אברהם־נתנען, צום שדכן. אַלע פאַר וואָכן קומט אויך שרהלע אין שטאָט. לפּנים הייסט עס אין קינאָ אַריין, אָבער אין דער אמתן קומט זי זען, וואָס דער טאַטע טוט אין שטאָט, די מאַמעשי איז חושד, אַז ער טוט גאָרנישט פאַר די קינדער.

און מיטאַמאָל האָט אברהם־נתן דערציילט לייבל וואַדינער, אַז דער לייזער שניידער איז אַן אויסערגעווייגלעך אָרנטלעכער, באַלעבאַטישער מענטש און אַז זיין בחור חיים איז גאָר און גאָר אַ פיינער יינגערמאַן. מילא, וועט מען אַראָפּ אין געסל צו לייזער שניידער. קיין בערן וועלן דאָרט נישט אָנ־פאַלן.

אין לייזער שניידערס שטוב איז געוואָרן אַ אומגעריכטע יום־טובדיקע צערודערטקייט. אסתּר־פייגלען האָט דאָס אַ ביסל געאַרט. ווען זי זאָל דאָס פריער וויסן וואָלט זי דאָך געוועזן אָנגעגרייט פון כּל־טוב און די שטוב וואָלט געווען אויפגערוימט, ווי עס פּאַסט. פונדעסטוועגן האָט עס אסתּר־פייגל געמאַכט גאָר פיין. עס האָט חלילה אויפן טיש נישט געפעלט פון גוטע זאַכן. לעקעכלעך מיט איינגעמאַכטס און אַ שיינע גלאָז טיי דערצו. דער שדכן אברהם־נתן האָט געגעסן און גערעדט. גערעדט און געשלונגען איינ־

געמאַכטס מיט קיכלעך. לייבל וואדינער אַליין האָט זיך נענטער צוגערוקט צו דער ברייטער מחותנתטע מיט קאָמפּלימענטן וועגן איר באַלעבאַטישקייט און איצט האָט ער זיך צערעדט וועגן זיין באַלעבאַטישקייט, וועגן זיין ווייב און קינדער און איצט וועגן דער כלה . . . ער האָט צו זיך צוגעצויגן דעם חתן־בחור און אים אַריינגערוימט אַ סוד אין אויער, אַז זיין שרהלען דאַרף מען ווערט זיין . . . דער חתן־בחור איז רויט געוואָרן. ער האָט זיך איבער־ראַשט. איצט האָט לייזער שניידער זיך פאַרגונען אַוועקצוגיין אַ ביסל פון זיין שניידער־טיש און זיך דערנענטערן צום גאַסט. מיט אַ דין שמייכעלע אויף די ברעמען און אויפן בערדעלע האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט: „שלום עליכם".

אסתר־פייגל האָט אויף זיך גענומען דעם ברייטן טערקישן שאַל, לייזער האָט זיך אָנגעטאָן שבתדיק און חיים, דער חתן־בחור האָט לאַנג זיך אַרומגעפּוצט. אַלע און דער מחותן האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אַ דראָזשקע. דעם שדכן איז אויסגעקומען צו זיצן, אין דער הויך, לעבן דראָזשקער. אסתר־פייגל האָט זיך געטראַכט: „וואָס שאַדט עס? אַ קוק טאָן אויפן כלה־מיידל קאָסט נישט קיין געלט און נישט קיין געזונט".

דאָס אַליין איז שוין אַ גוטער סימן, וואָס עס איז אַ ליבער זומער־טאָג. מען פאָרט, ווי אין חלום, אין וואַלד, אָדער צווישן פעלדער מיט הויכע און פולע זאַנגען, וואָס ברעכן זיך אַראָפּ.

די „זעאונג" איז פאָרגעקומען לויטן אַמאָליקן שניט. מען איז צוגעפאָרן צו אַ דאָרף, צווישן דער שטאָט און צווישן וואדין. דאָ, אינם הייזל מיטן שטרויענעם דאַך וואוינט דעם מחותנס אַ קרוב, שמואל פאַקער, אַ שמייכלענ־דיקער ייד, אַ פריילעכער מענטש. ער פילט זיך גליקלעך, וואָס אַזעלכע טייע־רע געסט זיינען צו אים אַריינגעקומען, בפרט אַז עס גייט דאָ זיין אַ שמחה.

פון וואדין אַרויס זיינען געקומען אין דאָרף אַריין די מחותנתטע, לייבל וואדינערס ווייב — איטעלע, מיט אַ הויך אויפגעפלאָכטן שייטל און דאָס כלה־מיידל, שרהלע, וואָס האָט זיך גערויטלט ביי יעדן בליק פון חתן־בחור. די מאַמע מיט דער טאָכטער האָבן אַרומגערינגלט דער מחותנתטע מיט זו־ניקע שמייכלעך און באַטעמטע רייד. דער חתן איז נאָכגעקראָכן נאָך דער כלה אַן ערנסטער און שטאַרק צעטומלטער, ווי ער וואָלט נישט געוואוסט, וואָס ער האָט צו טאָן, אַז עס זאָל זיין פּאַסיק. דער שדכן אברהם־נתן, וואָס

האָט ליב אינאײנעם צו ריידן און צו עסן, האָט אַלײן זיך אַװעקגעזעצט בײם טיש און האָט געגעסן פון רעכטס און לינקס און אײנצײטיק גערעדט צום מחותן, לײזער שנײדער.

— װאָס טויג, ר׳ לײזער, דאָס ריידן? מ׳דאַרף שרײבן תנאים.

לײזער שנײדערס ברעמען האָבן זיך געהויבן פון נחת. דאָס מײדל געפעלט אים זײער שײן. אסתר־פײגל האָט דערזען, אַז מען רעדט עפּעס מיט איר לײזערן, האָט זי דערשפּירט, אַז מען װיל דאָ עפּעס פון אים אויסנאַרן, איז זי שנעל אונטערגעקומען און אים אַװעקגענומען. שרהלע, די כלה האָט מיט דער רעכטער האַנט געצויגן דער לינקער. זי האָט זיך געפילט געשפּאַנט. איר מזל װעגט זיך איצט.

אסתר־פײגל, װי אַ ברײטע מאַמע, האָט זיך אײנגעעקשנט, אַז איצט קען קײן תנאים נישט זײן. זי איז צוליב דעם נישט געקומען. די כלה געפעלט איר, דאַרף מען איצט אָפּרעדן אַ טערמין פון די תנאים. אַלע זײנען געבליבן שטײן מיט פּאַרדרוס. אברהם־נתן דער שדכן האָט איר אָבער נישט געהערט. ער האָט װײטער געצויגן די קאַרקלעך פון די פלעשער, אײנער אַלײן גע־טרונקען און אַלץ געטענהט:

— אַז חתן־כלה געפעלן זיך, מוז מען שרײבן תנאים.

דרויסן, בײ דער טיר, האָט עמיצער זיך געפּאַרעט און זי נישט געקענט עפענען. אַז דער באַלעבאָס פון דער דירה, שמואל פּאקער האָט די טיר געעפנט — זײנען אַרײן אין שטוב דער מחותן לײבל װאדינער מיט עפּעס אַ פרעמדן עלטערן ייד, אַ הויכער מיט אַ װײסער באָרד, װי ער װאָלט געװען אליהו הנביא. לײבל װאדינער האָט פריער פון שטוב זיך אַרויסגענאַרט און איז אַװעק צופוס אַן ערך דרײ װיאָרסט צו זײן אַלטן ידיד, אביש מילנער, אין זשעלקעװע. לײבל װאָלט זיך עס נישט מוחל געװען, אַז אָט דאָ, לעבן זשעלקעװע, שרײבט ער תנאים מיט זײן טאָכטער און אביש איז דערבײ נישטאָ.

דערזעענדיק דאָס מלאכישע געשטאַלט, איז אסתר־פײגל געװאָרן דורכ־גענומען מיט אַ ציטער, װי זי װאָלט איר הימלען שוין איצט געפירט צו דער חופּה. מאַמע־טרערן זײנען אָנגעשװאָומען אין אירע אויגן.

לײזער האָט זײן װײב גאָרנישט געפרעגט און האָט דעם גאַסט, דעם אַלטן

ייִד צוגעפירט צום אויבנאָן. די שמחה הויבט זיך אָן. אסתר־פייגל האָט זיך נישט געשפּאָרט. טרערן פון פרייד זײַנען געשטאַנען אין אירע אויגן.

באַהערשט פון דער שמחה, האָט לײזער אַליין גערעדט:

— װעסט מיט אונז, שׂרהלע, אַרײַנפאָרן אין שטאָט, װעל איך דיר קויפן אַ מתּנה.

אסתר־פייגל איז געװען אויפן זיבעטן הימל. גערירט פון פרייד. אירע אויערן האָבן גאָרנישט געהערט, װאָס מען האָט גערעדט צו איר. זי האָט געשװעבט צװישן עולם, װי עפּעס אין אַ טאַנץ.

אַרײַנזעצנדיק זיך אין דער דראָזשקע, האָט אסתר־פייגל געלאַכט און גערעדט מיטן פולן מויל:

— געלויבט צו גאָט. אַלע גוטע זאַכן קומען אומגעריכט . . .

און אַ בגילופנדיקער האָט לײזער שנײדער זיך געװערטלט צו שׂרהלען:

— ס'װעט זיך דיר נישט גלוסטן אַהיים צו פאָרן.

אברהם־נתן, דער שדכן, איז געזעסן אין דער הויך, לעבן דראָזשקער, האָט אַלע מאָל אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ פלעשל בראָנפן און גענומען דערפון אין מויל אַרײַן, אַ ביסל צום דערקוויקן דאָס האַרץ נאָך אַזאַ שטיקל אַרבעט.

***

דאָס געסל איז מיטאַמאָל העלער געװאָרן, װי עס װאָלט געװען אויס־געשאָטן מיט בלומען. מײדלעך האָבן צװישן זיך אויפן אויער גערעדט און אַלטע לײט האָבן זײערע מידע אויגן אויפגעריסן צום שײנעם מײדל.

שכנטעס האָבן אסתר־פייגלען אָפּגעגעבן דעם פּרײַנטלעכן „ליב איך אײַער גאַסט". אסתר־פייגל האָט דערויף גאװהדיק זיך געשאָקלט. אסתר־פייגלס שטוב איז פול מיט װײַבער. דער טיש איז באַשטעלט מיט פּרוכט און נאַשערײַען.

אַלע קוקן צו דער כּלה, רײדן און שמײכלען צו דער כּלה.

װען די װײַבער האָבן זיך געזעגנט מיט קושן און מיט װאַרעמע ברכות, האָט חיים גענומען זײַן כּלה און איז מיט איר אַװעק אין שטאָט, צו זײַן חבר גאַװריש שטערן.

אַן איבעררעַשטער האָט גאַװריש זיך אויפגעכאַפּט פון אָרט, געשטויסן

די שטולן מיט די פיס, ווי זיי וואָלטן צולהכעיס זיך אַריינגעפּלאָנטערט. אַ רויטקייט האָט געצונדן זיין פּנים פון קנאה צו זיין חבר חיים, וואָס ער האָט שוין אַ כלה און אַזאַ שיינע כלה.

אָבער גאַווורישן האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער האָט אַ פאָטאָגראַפיע פון חיימס כלה יאָ געהאַט. זי האָט געקענט זיין זיינע . . .

גאַווריש האָט צו שרהלען געשמייכלט, ווי ער וואָלט זיך פאַר איר פאַר־ענטפערט, וואָס נישט ער איז איר חתן. ער האָט אַזוי נאַריש געשמייכלט, אַז שרהלע האָט מאָדנע אויף אים געקוקט . . .

***

מיט שרהלען איז אין אסתר־פייגלס שטוב מיטגעקומען ליכט און פרייד. די שטוב האָט אינגאַנצן אויפגעשפּילט. זייער באַטעמט איז געווען שרהלעס ריידן. מיט דער קליינער כאַיוטקעלע האָט זי זיך אַזוי האַרציק געשפּילט, ווי זי וואָלט דאָס קינד ליב געהאַט מיט איר גאַנצער נשמה. דאָס קינד איז אַזש געשפּרונגען פון אויפרעגונג.

מאָטעלע, וואָס איז פון קינדווייז־אָן געווען פרעמד צו חיימען האָט צוליב שרהלען אין אים דערפילט אַ ברודער . . .

טאַטע־מאַמע האָבן דאָס מיט פרייד באַמערקט.

מיט אַנטציקונג האָט מאָטעלע אין געסל פאַר די יינגלעך און מיידלעך דערציילט מיט שטאָלץ, אַז זיין חיימס כלה איז אַ זעלטן שיין מיידל, איז זייער אַ גוטע, איז זייער אַ פריילעכע. די יינגלעך און מיידלעך האָבן דאָס געלאַכט פון מאָטלס התפעלות. דאָס געלעכטערל האָט אים עפּעס פאַרשעמט, ווי מען וואָלט געלאַכט פון אים, וואָס ער רעדט אַזוי קינדעריש . . .

יענע נאַכט איז מאָטל נישט געשלאָפן. ער האָט זיך געוואָרפן אויף די זייטן. אין דער פינצטער האָט ער אָנגעשטרענגט זיינע אויגן צו דער טיר פון צימער, וואו עס שלאָפט שרהלע . . .

ווי אַ מחנה פייגל זיינען אין די פאַרנאַכטן געקומען אין אסתר־פייגלס שטוב די יינגלעך און די מיידלעך, כדי „אַריינצוקאַנגען” צו זיך די שיינע שרהלע.

חיים האָט זיי נישט געליטן. ער האָט זיך געדרייט, ווי אין אַ ברוגז. ער האָט געוואָלט, זיי זאָלן וואָס שנעלער אַרויס פון שטוב און לאָזן שרהלען צו רו . . .

***

שרהלע האָט זיך געבונטעוועט: זי וויל נישט מער גיין צו גאַווריש שטערן. זי האָט געמאַכט אַזאַ מינע, אַז זי וויל נישט אַהין גיין. זי האָט נאָך געוואָלט זאָגן חיימען, אַז זיין חבר איז אַ נאַרישעוואַטע ייִנגל, נאָר זי האָט זיך געטאָן אַ ביס דער צונג.

חיים איז אַליין אַוועק צו זיין חבר. ער האָט געמוזט דאָס טאָן. ער האָט דאָס גאַווערישן צוגעזאָגט. ער איז געגאַנגען מיט פאַרדרוס סיי אויף שרהלען, וואָס זי איז נישט מיטגעגאַנגען און סיי אויף זיך אַליין, וואָס ער גייט אָן שרהלען.

אַז חיים איז נישט געווען אין שטוב, האָט מאַטל געזאָגט שרהלען, אַז זי זאָל מיט אים היינט אַרויס אויפן שפּאַציר.

פאַר די ייִנגלעך און מיידלעך איז עס גאָר אַ יום־טוב. זיי האָבן שרהלען צווישן זיך. ס'איז געווען זייער אָנגענעם מיט איר. מען האָט געקענט צו איר רעדן וויפל מען האָט געוואָלט. מען האָט געשפּאַצירט איבערן געסל וויפל מאָל, און איצט איז מען אַוועק אין מאַריצעס טאַנץ־זאַל. איטשקע און שייקע האָבן זיך געבעטן, מען זאָל זיי דאָס צוליב טאָן.

מאַריצעס טאַנץ־זאַל איז שטענדיקגעווען פאַרפּוצט מיט קאָלירטע פּאַפּירענע פּאַסן, ווי אין דער קאַזאַרמע אין די חגא־טעג. צום טאַקט פון דער פאַרוויגנדיקער מוזיק פון גראַמאָפאָן איז געגאַנגען דער טאַנץ. צעפלאַמטע פּנימער און אויגן צעגליטע. לייכט און לופטיק האָבן זיי, איטשקע און שייקע און מאַטל און זיי אַלע מיט שרהלען געטאַנצט, אַזוי שנעל און שווינדלדיק ווי שפּילקעס אויף די פּליטעס אויפן גראַמאָפאָן.

מאַטל האָט ביים טאַנצן שווער געאַרבעט, ווי ער וואָלט מיט די הענט געגראָבן. זיין רויט פּנים האָט געשוויצט, ווי ער וואָלט זיך געבאָדן אין קאָכעדיק וואַסער. שרהלע ווידער האָט מיט איר איידעלן טאַנץ געמאַכט די מוזיק נאָך פאַרוויגנדיקער. זיי האָבן געטאַנצט אַנדערש און זי האָט געטאַנצט ווי זי . . .

אַלעמענס קעפּ האָבן זיך געמישט. ס'האָט זיך זיי געדוכט אַז דער טאַנץ־זאַל דרייט זיך . . .

***

איצט גייענדיק אַהיים, האָט שרהלע פּיעשטשענדיק זיך געקלאָגט פאַר מאָטלען: „וואָס וועט מען אין שטוב זאָגן?״

דאָס נאָפט־לעמפּל אויפן טיש זעט עס אויס ווי אָט־אָט צום אויסגיין. אַלע זיינען אין די בעטן. מען שלאָפט.

פּאָרזיכטיק און שטיל, האָבן מאָטל און שרהלע געשטעלט פיס אויף דער שוועל. שטיל און פאָרזיכטיק. דער מאַמעס אויערן און דער מאַמעס האַרץ האָבן אין שלאָף דערהערט. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט. זי האָט שווער געזיפצט, שווער געזיפצט . . . שרהלע האָט אויסגעזען בלאַס. און דאָ האָט עמיץ אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר. פון דרויסן איז אַ פאַרי‌אַכמעטער אַריינגעלאָפן חיים, מיט משוגע־געבליצטע אויגן:

— וואו ביסטו געווען?!

חיים האָט אַרומגעפּלאָטערט איבערן געסל שוין אַ שטיק צייט. ער איז געלאָפן דאָ און דאָרט, געזוכט שרהלען און דאָס איז איינס ביינאַכט און זי איז נישטאָ און אויך מאָטל איז נישטאָ . . .

ער האָט ווילד געקוקט צו זיי ביידן, צו שרהלען און צו מאָטלען . . .

***

מען האָט געקענט מיינען, אַז לייזער שניידער ווייסט פון גאָרנישט, וואָס עס איז געווען אין דער נאַכט, ער איז דאָך געשלאָפן, אָבער ניין, ער האָט אין שלאָף אַלץ געהערט. אַז ער האָט אינדערפרי דערזען זיינע קינדער, האָט ער מיט פאַנאַנדערגעשפרייטע הענט זיי געפרעגט:

— קינדערלעך, וואָס אַזוינס האָט זיך ביינאַכט אָפּגעטאָן?

עס האָט אים קיינער נישט געענטפערט. מאָטלס קאָפּ איז געווען באַ־האַלטן הינטער דער קאָלדרע. ער האָט זיך געמאַכט שלאָפנדיק. די איבע־ריקע האָבן זיך געמאַכט נישט הערנדיק.

באַלד פון אינדערפרי האָט דער טאָג זיך געשטעלט אַ משוגענער, אַ

נישט־אויסגעשלאָפענער און נישט־צופרידענער. לייזער האָט גערופן מאָט־לען, ער זאָל צוגיין צום טיש, מען דאַרף אַרבעטן, איז אָבער מאָטל אין שטוב נישט געווען און דאָ האָט מען דערהערט פון קיך שרהלעס אַ קוויטש... נאָר אַז מען האָט געעפנט די טיר האָט מען חלילה קיין שלעכטס נישט געזען, אויסער וואָס מאָטעלע און שרהלע האָבן זיך געוואַשן איינער לעבן אַנדערן, מער גאָרנישט . . .

אסתר־פייגל גייט אַרום מיט אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק און נודעניש היינ־טערן האַרצן, ווי דאָס נעכטיקע עסן וואָלט דאָרט זיך אָפּגעלעגט און קען ווייטער נישט גיין.

חיים איז עפּעס ווי משוגע געוואָרן. לויפט אַרויס פון שטוב און קומט באַלד צוריק אַריין אַ צעצונדענער, אַ צעטראָגענער און קוקט מיט כעס אויף שרהלען און זי זעט אויס ווי זי וואָלט מורא געהאַט אויפצוהויבן אירע אויגן.

חיים איז שוין מער נישט געגאַנגען אין שטאָט אַריין. ער איז געווען צוגעבונדן צו דער שטוב און נישט אַראָפּגעלאָזט דאָס אויג פון שרהלען . . .

די גאַנצע שטוב, לייזער שניידערס, איז געווען צערודערט. די מאַמע און חיים — ברוגז מיט מאָטלען און דער טאַטע און די קליינע כאַיוטקעלע זיינען גאָר גוט מיט מאָטלען. זינט שרהלע איז געקומען, איז די ליבשאַפט צו מאָטלען פון דער קליינער כאַיוטקעלע אויסערגעוויינלעך פאַרשטאַרקט גע־וואָרן . . . זי לאָזט אים גאָרנישט אָפּ. ער זאָל זיך מיט איר שפּילן. ער טוט עס איר צוליב. ער טוט איר אַ כאַפּ אַרויף אויף זיינע ברייטע פּלייצעס: „כ'האָב אַ שעפּסעלע צו פאַרקויפן". דאָס קינד האָט דאָס זייער ליב, די שפּיל.

אָבער שרהלע איז מיטאַמאָל געוואָרן סמוטנע און אסתר־פייגל זעט אויס ווי אַ הון מיט אַראָפּגעלאָזטע פליגל.

שרהלע איז אַהיים געפאָרן. אַוועקגעפאָרן אַ פאַרוויינטע. אַז מען האָט איר געפרעגט: „שרהלע, וואָס איז?" האָט זי געענטפערט: „גאָרנישט, גאָרנישט", אָבער פאַרוויינט איז זי ווייטער געווען.

חיים, דער־חתן און לייזער שניידער, דעם חתנס טאַטע האָבן שרהלען אַרויסבאַגלייט. חיים האָט גאָרנישט גערעדט צו זיין כלה. ער איז געווען ווי שטום. ער האָט שוין גראָד געהאַט אַ סך צו ריידן, נאָר דאָס האַרץ האָט אים צופיל וויי געטאָן, און שרהלע האָט נישט געקוקט צו אים . . . דערפאַר

האָט לייזער שניידער זייער אַ סך מיט איר גערעדט און זי האָט אים אויף אַלץ געענטפערט. זי האָט אים צוגעזאָגט, ווען ער האָט איר אָנגעזאָגט צו זיין פריילעך, האָט זי געזאָגט: „יאָ״ . . .

לייזער איז צוריק אַריינגעקומען אין שטוב מיט אַ פאַרדרוס אויף זיין נאַרישער אסתר־פייגל.

***

צוויי בריוועלעך אויף אַמאָל האָט שרהלע אין וואדין דערהאַלטן. איין בריוול איז געווען פון חיימען מיט אַ קלאָג פון פאַרצווייפלונג און ער פרעגט איר: „וואָס זיינען מיינע זינד?! און אַז זי זאָל אים ווי אַם שנעלסטן אָנשרייבן און דאָס צווייטע בריוול איז געווען פון מאָטלען, וועגן זיין פאַר־דרוס, וואָס זי איז אַוועקגעפאָרן . . . ער רעכנט — שרייבט ער — צו קומען צו איר, אין וואדין . . .

אַ צעטומלטע האָט שרהלע ביידע בריוו אַוועקגעגעבן טאַטע־מאַמע, זאָלן זיי זאָגן זייער מיין און אַליין איז שרהלע אַ שעמעוודיקע אַרויס פון שטוב, נישט צו זיין דערביי און געבעטן גאָט האָט זי, אַז זיי זאָל געפעלן ווערן מאָטלס בריוול . . . לייבל, שרהלעס טאַטע האָט געלאַכט און געשאַרט מיט דער האַנט איבערן בערדל.

— איטעלע, מען שלאָגט זיך דאָך איבער אונזער שרהלע. דאָס שלאָגט זיך דאָך דער חתן מיט זיין ברודער.

איטעלע האָט אַ פאַרגאַפטע אויסגעגלאָצט אירע אויגן. ס'ווערט איר איצט קלאָר, וואָס שרהלע, דאָס שיינע עפעלע, וויאַנעט נעבעך, די לעצטע טעג.

— איז וואָסזשע קלערסטו?

— און וואָס קלערסטו?

ביידע האָבן געשוויגן, נאָר ער — אַ צעשמייכלטער און זי — אַ פאַר־נעפלטע. דער קאָפּ האָט איר אַזש ווייי געטאָן.

***

ווי יעדע וואָך אין מאַרק־טאָג, איז אויך היינטיקן דינסטיק לייבל וואַ־דינער געקומען אין שטאָט אַריין. ער איז אַראָפּ צום מחותן.

אויף די שויבן פון מחותנס פענצטער איז נאָך געלעגן דער פאַר־שלאָפענער פרימאָרגן.

— שלום עליכם, מחותן, װי גײט עס ? — איז לײבל װאָדינער אַרײן אין שטוב צו האַסטיק, װי עס פאַלט אַרײן אַ פרעמדער האָן צװישן ײנגע קװאָטשקעלעך. לײזער האָט געהאַלטן זײן האַנט אין מחותנס האַנט און איז געװען אינגאַנצן צעטומלט. אין מיטן שטוב װידער, איז געשטאַנען אסתר־פײגל אין אַ ברײט צעלאָזט קלײד, אַז זי אַלײן, אסתר־פײגל מיטן קלײד האָט פאַרנומען אַ האַלבע שטוב און זי האָט אַזױ גאַליק מיט אירע אויגן געשטאָכן דעם מחותן:

— זאָלט איר געזונט זײן, אַז אײער טאָכטער איז נישט קײן כלה איז מײן מאַן נישט קײן מחותן.

לײזער איז שיר נישט צוגעשפּרונגען צו זײן װײב. ער האָט גע־קריצט מיט די צײן פון װײטיק. אסתר־פײגלס אויגן האָבן מיט כעס זיך אַ װאָרף געטאָן אין לײזערס זײט.

מאָטעלע איז די גאַנצע צײט געשטאַנען מיטן פּנים צום שנײדער־טיש, געאַרבעט מיט דער שער, אָבער זײנע געדאַנקען אין קאָפּ זײנען געלאָפן װי װאָלקנס און זײן האַרץ האָט שװער געקלאַפּט, װי אַ נערװו װאָלט אים אָנגע־כאַפּט. ער האָט עס נישט אויסגעהאַלטן מאָטל, זיך אויסגעדרײט צו דער מאַמען און געמײנט דעם מחותן:

— שרהלע איז יאָ אַ כלה. איך בין דער חתן . . .

עס האָט אָפּגעקלאַפּט איבער דער שטוב, װי אַ שאָס פון אַ רעװאָלװער.

בײדע מחותנים האָבן זיך איבערגעקוקט, װי זײ װאָלטן זיך געפרעגט: „װאָס הײסט דאָס ?" . . .

אסתר־פײגל האָט אין אײן שרעק געקוקט צו דער טיר פון דער צװײטער שטוב. דאָרט שלאָפט נאָך איצט חיים און ער װײסט נעבעך פון גאָרנישט, װאָס דאָ גײט. אסתר־פײגל האָט זיך געצאַפּלט.

דער מחותן, אײגנטלעך, האָט נאָך געהאַט דאָ אַ סך צו רײדן, װײל, װאָס איז דאָך ? אָבער אַז הײנט איז מאַרק־טאָג און ער דאַרף נאָך זײן אין מאַרק, איז דערװײל אויף הײנט האָט ער גענוג, מען װעט זיך זען אַ צװײט מאָל.

— זײט מיר געזונט.

אָבער ווי לייבל וואדינער האָט זיך צוגערירט צו דער קליאַמקע פון דער טיר, האָט דאָס בלוט אין מאָטלס אָדערן זיך צעקאָכט. ער פּאָרט מיט מיטן מחותן . . . אַ פייער האָט אי זאים געברענט. ער האָט אויף זיך געכאַפּט די מאַרינאַרקע, איז נאָך דעם מחותן.

כאַיוטקעלעס אויגעלעך זיינען געווען פול מיט טרערעלעך, וואָס האָבן אויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין:

— איך וויל מיט מאָטעלען צו שרהלען . . .

לייזער שניידער האָט גענומען דאָס קינד אויף דער האַנט, געשטאַנען מיט איר אין פענצטער און גערעדט צו איר:

— מאָטעלע וועט צוריק קומען און שרהלע וועט צוריק קומען. וויין נישט, טייער קינד.

# סענדער

ווי אַ דעמב הויך און פּלייציק איז סענדער. אַזאַ משפּחה־וואוקס. סענדער האָט דערצו קרומע, ברוינע אויגן, פון וועלכע ס׳קוקט אַרויס נאַקעטע הפקר־דיקייט, ווי פון אַ וואַלד־מענטש.

יינגלווייז איז סענדער געוועזן אַ שוסטער, נאָר זינט ער איז אַרויס פון תפיסה מיט צעבראָכענע ביינער פילט ער זיך באַרעכטיקט נישט צו אַרבעטן. אין די פּאַרנאַכטן, ווען די קרעמער שליסן זייערע קראָמען און גייען אויפן שפּאַציר מיט אַרויסגעשטעלטע בייכלעך, קומען זיך צוזאַמען די לוסטיקע רויט־געפאַרבטע מיידלעך אויפן טראָטואַר פאַר די געסלעך און סענדער שטייט צווישן זיי, ווי אַ ריז און פאַרריכט זייער „סטראָי". דער הויכער, בלאָנדער עוואַ מיט די אונטערגעשוירענע האָר און אָפּגעגאָלטן קאַרק מאַכט ער צו דאָס אויפגעעפנטע גאָלדענע אוירינגל, דער קליינער, דיקער סטעפאַ מיט די רויטע, גראָבע ליפּן מאַכט ער גוט די צעלולויד־קאַמען, וואָס שטעקן אַרויס פון איר „גרעק", ווי גראַבליעס פון אַ סטויג היי, מאַניען און אַנדזשען פּוצט ער ווידער אָפּ מיט דער האַנט זייערע פאַרפּעדערטע מאַנטלען. צונעמענדיק ביי די מיידלעך די לעצטע גראָשנס קיצלט ער זיי, גלעט זיי און קוקט זיי וואַרעמלעך אין די אויגן. דערנאָך שפּאַנען סענדערס לאַנגע, שטיוולדיקע פיס איבער די טונקעלע געסלעך זוכן די יאַטן. מיט זיי איז גאָרנישט פריילעך. שוין לאַנג פון זיי קיין גראָשן נישט געקריגן, גייט ער איצט אויף פּראַבע: פייפן זיי אים איצט ווידער אָן — מאַכט ער פון זיי קאַשע . . . ער שטעקט אַריין דעם קאָפּ אין עליע דעם בלאַסנס און אין יאַנקל העריגגלס קנייפּע — זיי זיינען נישטאָ. ער שפּייט אויס. דאָס בלוט אין אים האָט זיך פאַנאַנדער־געקאָכט. עס דריקט אים אין האַלדז. מיט פאַנאַנדערגעפּאַרענע הענט גרייט זיי אַראָפּצולאָזן אויף אַ באַק, לאָזט זיך סענדער אַראָפּ צום מאַרק, צו דער מומע שאָשעס שטעל און גאָרנישט זאָגנדיק, נעמט ער אַראָפּ אַ גרינע אוגערקע און פרעסט זי ווי אַ חיה, וואָס צעטרייבערט אַ לעבעדיקע זאַך. די מומע שאָשע מיטן צעקנייטשטן ערד־שוואַרצן פּנים איז נישט קיין געוויינלעכע יידענע.

זי האַלט שוין ביי די זעכציקער און גיט זיך פונדעסטוועגן אַן עצה מיט די שיכורע פויערן, וואָס פּרוואוון מאַכן אַ שטיקל מהומה אַרום איר שטעל. זי טיילט פּעטש קלינגענדיקע, ווי אַרויסגעפּאַלענע שויבן, אַז זיי צעפליען זיך אויף אַלע זייטן. סענדערן אָבער ווערט די מומע נישט אויסריידן אַפילו פאַר עפּעס מער ווי אַ נאַרישע אוגערקע. ער איז דאָך נעבעך אַ יתום... אַ געשלאָגענער יינג, דרייט זיך אַרום אָן אַרבעט. ווי אַלעמאָל, ווען זי דערזעט אים, טוט איר ווי דאָס האַרץ, וואָס זי איז אַזוי פאַרהאַרעוועט און ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל פאַר אים „זען" אַ לייטיש מיידל...

⁂

אין גרויען נעפּל גייט אויף דער טאָג. עס וויקלט זיך דער נעפּל, ווי וואַטע, אַרום די ברענענדיקע לאַמטערנעס. אין יאַנקל הערינגלס פאַררויכערטער קנייפּע טומלט זיך שוין מיט די קערקלדיקע פורמאַנעס. זיי קערן אין זיך גלעזלעך בראַנפן. אָבטשע האָט דערשפּירט אַ ברי אויף די ניכטערע קישקעס, קילט ער זיי מיט מאַרינירטן הערינג און זויערע אוגערקעס.

מיט גרויסע טלית־זעק אונטער די אָרעמס שאַרן זיך זקנים אויף ביידע זייטן פון גאַס צום בית־מדרש. גלייך מיט זיי גייט אויך סענדער. אין בית־מדרש ברענען נאָך די גרויסע נאַפט־לאָמפּן. זייערע פייערן שפּיגלען זיך אין די בלויזלעך־פּרימאַרגנדיקע שויבן.

פאַרן עמוד שטייט דער בעל־תפילה און זאָגט תהילים אויפן קול. דער עולם זאָגט נאָך פּסוק ביי פּסוק מיט אַ נאָגנדיקן ניגון. אונטן, אויף מערב־זייט דרייט זיך אַרום סענדער און זוכט מיט זיינע קרומע אויגן די יאַטן. פאַרסמאָליעטע, ליגן זיי, ווי געהרגעטע, אויסגעצויגן אויף די בענק ביים אויוון מיטן פּנים אַראָפּ און כראָפּען, ווי לאָקאָמאָטיוון. סענדער האָט אויפגעציטערט פון פרייד, ווי אַ טכויר דערשנאָפּנדיק אַ הינדל. אַ פּאָר פייערדיקע פּעטש האָט ער אַראָפּגעלאָזט אויף זייערע הינטנס. קרעכצנדיקע האָבן זיי זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים אַרויף און סענדער האָט זיי צוגעגעבן מיט זיינע גראָבע, שטאָלענע פינגער פעסטע שנעלן אין זייערע נעזער, אַז זיי האָבן זיך ווי אָפּגעגאָסענע אויפגעכאַפּט. דערזעענדיק סענדערן האָבן זיי זיך גוט אויסגעצויגן, וואוילעריש אַריינשעלטנדיק:

— ער האָט אַ סך געאַרבעט, אַ רוח אין זיין טאַטן!

איז סענדער געוואָרן אַנגעצונדן:

— איר קריגט אַ פּאָר „וואליעס", וועט איר גלייך צעטרייבערט. עס איז זיי געוואָרן קאַלט אין די לייבער. פאַרשלאָפענערהייט האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט פון די הויזן־קעשענעס זילבערנע מטבעות און וואַרפנדיק זיך אויף די בענק אין ביטערן כעס האָבן זיי דאָס געלט אַראָפּגעלאָזט אין סענדערס אונטערגעשטעלטע הענט, ווי צוויי טעלער. סענדער שטייט נאָך אַלץ אין רציחה־פייער, פאַרמעסטנדיק זיך זיי צו דערלאַנגען דעם אמתן קלאַפּ איבערן קאָפּ. ער האָט זיך אָבער באַזינט און זיך אויסגעמישט צווישן עולם תהילים־זאָגער, זיך פּרום אַוועקגעשטעלט לעבן באַלעמער מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און אָפּן מויל . . .

פון בית־מדרש איז סענדער אַוועק אין גאַס, געקוועטשט די בלאָטע מיט די געקנייטשטע שטיוול. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל אין אַ ווינקל אין יאַנקעלע הערינגלס קנייפּע.

דער קליינער יאַנקעלע מיט דער ברייטער, שוואַרצער באָרד גיסט פון פלאַש פאַר הויכע, פעסטע יינגען און זיי, אויסגעבויגן די קעפּ, גיסן אין זיך אַריין, אַז אַ רויטקייט לויפט־אויף אויף זייערע באַקן. יאַנקעלע לאַכט פון די „לעמעשקעס", וואָס האָבן נאָך נישט דעם גוטן שלונג, טרייבט עס זיי אין אַמביציע. יאַנקעלע גיסט און זיי טרינקען. פלוצלונג האָט מאַיאָרעק באַמערקט סענדערן.

—העי, סענדער — גליטשט ער זיך צו אים צו — דיינע וועלדער מוזן ברענען?

צמח „מיידל" פאַרענטפערט אים, הויבנדיק דעם קאָפּ ווי אַ הענדל:

— ער האָט אויף וואָס צו וויינען. די יאַטן האָבן איצט געמאַכט „ויברח" מיט אַ גרויסער „זשמעניע" . .

ווי ס'וואָלט אומגעריכט, פון אונטן, געפאַלן אַ פלעם, איז סענדערס גוף פלוצלונג אָפּגעשפּרונגען: וואָס?! הייס איז אים געוואָרן אין די ביינער.

און סענדער האָט אָנגעהויבן „וואַליען" אויף רעכטס און לינקס: „איר רייצט זיך מיט מיר, אַ פייער אייך אין די ביינער".

ס' איז געוואָרן אַ טומל. מען האָט פון סענדערן אַרויסגעשלאָגן זיין כוח. ער האָט דערנאָך זיך געפילט, ווי אַ קינד מיט „שטרויענע" פיסלעך. ער האָט

זיך געשעמט פאַר זיך אַליין, ווי מען וואָלט אים אָפּגעשמיסן אין מיטן מאַרק פאַר אַלעמענס אויגן. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי דער מומע שאָשע, ביי איר געגעסן און געטרונקען. די מומע האָט דאָס אים, חלילה, נישט אויסגעד־רעדט. ער איז אַ יתום, אַ געשלאָגענער ייִנג . . .

— נאַ דיר, סענדערשי, דאָ איז דאָס ברויט און דאָ איז דער הערינג.

סענדער האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אין דער מומעס נידעריקער שטוב, ווי אַן אַרעסטאַנט הינטער קראַטעס . . .

די מומע שאָשע איז די אמ!ע האָרעפּאַשנע יידענע. זי ווייסט נישט, ווי אַנדערע יידענעס, פון חלשן און קרענקען. זי שטייט נישט אָפּ אין דער אַרבעט, נישט האָבנדיק גאָר פאַר וועמען צו אַרבעטן. איר מאַן, עליו השלום, איז שוין לאַנג אין גן־עדן. זי געדענקט קוים זיין שמייכל. אירע קינדער שיקן בריוו פון די ווייטע לענדער. דער מומע שאָשען דוכט זיך, אַז ווען זי וואָלט אויפגעהערט צו אַרבעטן, וואָלט זי אויך אַוועק אַהין, וואו עס איז איר מאַן, עליו־השלום. אויך שבתדיקן טאָג רוט זי נישט. זי ציט זיך נישט אויס, ווי דער שטייגער, נאָכן טשאָלנט הינטער דער פּערענע זיך וואַרעמען און איינשלאָפן. שבתדיק אָנגעטאָן, עס שיינט פון איר אַראָפּ די ברייטלעכע פילקאָלירנדיקע קופקע, שפּרייזט זי מיט גיכע טריטלעך, ווי עס וואָלט איר ווער געיאָגט. אַלץ זעט זי און אַלץ האָט זי אין זינען. זי האָט גאָר באַמערקט, אַז די פאַרביקע שייבלעך ביים שפּיץ פון דער שול זיינען צונויפגעשטעלט ווי אַ צלם, מאַכט זי גלייך אַ ליאַרעם, אַז עס ווערט אַרום איר אַ ראָד פון נייגעריקע. שפּעטער איז זי אין יידישן שפּיטאָל מיט אַ פולן פאַרטוך און זי לעגט אַרויס „לאָבונגען" פאַר די קראַנקע. דערנאָך טרעט זי אָפּ אין מושב זקנים. דעם מושב זקנים באַטראַכט זי פאַר אייגנס. ווען די כוחות וועלן איר פאַרלאָזן, וועט זי זיך אַהער אַריבערפּעקלען, אָפּצואוואַרטן ביז מען וועט זי רופן . . . שטעלנדיק דעם פוס שוין אויף דער ערשטער שוועל, שיט זי מיט „פייער" אויף די גבירים, וואָס זיינען ניט קראַנק צו שיקן פאַר די אַלטע לייט קעסלען מיט גוטע יאַכלעך. מיט אַ ברייטן „גוט שבת" עפנט זי די טיר. זי פרעגט זיך גלייך, וואָס מען האָט געגעסן. עס געפעלט איר נישט און עס הויבט זיך אָן אַ סדרה מיט קללות. זי האָט אַן עצה. קומט —טענהט זי איין מיט די זקנים — לאָמיר צוזאַמען אַוועק צו משה קראַץ און אויסזעצן אַלע זיינע שויבן. עס הויבט זיך אונטער אויף איר געלעגער כאַיעלע די קאַליקע.

— שאָשע? גוט שבת. איך האָב אייער מאַן בשלום געזען אין חלום.

— אַ שיינעם דאַנק דיר פאַרן גרוס.

עס איז געוואָרן טונקל. רויטע און געלע וואָלקנס קרייזלען זיך אויפן האָריזאָנט, ברענען און שטאַרבן אָפּ. אַ טונקל־מאַטער אָפּשיין פאַלט אויף די הייזער.

די גאַס פאַרן בית מדרש, איז איצט באַלאַגערט מיט רעדלעך יידן, אייג־געטיילט לויט די פאַכן. זיי רייסן זיך, שטופּן זיך און קאָנען נישט צווישן זיך דורכקומען. שוסטערישע מייסטערס גיין צוזאַמען אַהין און צוריק מיט אויס־געצויגענע קעפּ, די היטלען צו דער נאָז אַראָפּגערוקט, די הענט אויף די פּליי־צעס און ריידן וועגן די יינגען, וואָס צעשניידן די „פּשיסוועס״ און פאָדערן נאָך הוספות. שניידערס אין געפּאַסטע סאָקלעך, פירן צווישן זיך אַ הייסן וויכוח, ווער אין שטאָט עס האָט דעם שענסטן שטאָך.. פאַרן טויער פון בית־מדרש־הויף שטייען געפּאַקטע רעדלעך יידן, וואָס פאַרענדיקן אומגעדולדיק זייערע שמועסן. זיי צאַפּלען זיך צום וואָכיקן מעריב. און אין מיטן פון דעם אַלעמען פּלאָנטערט זיך שאָשע אַריין. זי זוכט דאָ איר קרוב לייבל רימאַרזש. אָנגעשפּאַרט מיט די דראָבנע, אָרעמע פּלייצעס אין דער וואַנט, שטייט ער, לייבל רימאַרזש און קוקט זיך איין אין הימל. עס דוכט זיך אים, אַז ער זעט דאָרט הויכע, בערדיקע יידן מיט די הענט אין די גאַרטלען . . . אויסגעדרייט דאָס היטל איז ביי לייבלען. אַ גראָבע פאַטשיילע אויפן האַלדז און אויף די פינגער פון די הענט האָט ער „באַבסקע נעגל״. ביי יעדער לוויה איז ער פון די „נושאי המיטה״. ער לייגט עס אַריין די גייפעלעך אין בר־מינגס הענט און ביינאַכט אין בעט, שפּירט ער אויפן לייב פרישע קנאַקעדיקע תכריכים . . . צו אים איז עס איצט צוגעשטאַנען שאָשע, ער זאָל טאָן די אמתע מצווה, שאַפן אַ שידוך פאַר איר ברודערס יינג סענדער, אַ יתום... ער בלאָנקעט זיך און און בלאָנקעט זיך . . . צוגעשמידט צו דער וואַנט, האָט לייבל זיך נישט גע־רירט פון אָרט און נישט אַראָפּגעלאָזט דאָס אויג פון שאָשען. ער האָט נישט פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט . . . פּלוצלונג האָט אַ שפּאַר געטאָן די גאַנצע מאַסע און אַריינגעפּלייצט אין בית־מדרש אַריין. מען האָט דערהערט דעם וואָכיקן מעריב . . .

שפּעט אין דער נאַכט, ווען די מומע האָט אויסגעלאָשן דאָס לעמפּל און האָט אַריבערגעצויגן דאָס איבערבעט איבער די אויערן, איז אויף דער באַנק

לעבן קוימען געלעגן סענדער און זיך געוואָרפן, ווי ער וואָלט געהאַט בויך־ווייטיק. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז ער האַלט זיין האַנט אויף עוואַס נאַקעטער פלייצע. ס'איז אין אים דורכגעגאַנגען דער ריח פון עוואַס לייב . . . און איצט ווידער, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז שימעלע און פיטקעלע, די גנבהשע יאַטן, לויפן פאַרביי, טשעפען זיך צו אים, טרעטן אים אָן אויף די פינגער פון זיינע פיס. ער האָט געשריגן פון שלאָף, סענדער, ווי דער משוגענער ביינאַכט אין פאָליש פון דער שול:

— איך וועל אייך מיט דער ערד אויסמישן . . .

ער האָט פון שלאָף זיך אויפגעכאַפּט מיט פאַנאַנדערגעלאָזטע הענט, ווי פליגל פון אַ ווינט־מיל.

— אַ רוח אין אייער . . .

די מומע האָט זיך איבערגעוועקט:

— ווער איז?

עס איז איר פאָרגעקומען, אַז מען צענעמט איר שטעל אין מאַרק . . .

אַראָפּגעוואָרפן האָט שאָשע פון זיך דאָס דורכגעפּאַרעטע איבערבעט. אַנגסט האָט אויף איר לייב אַרויסגעשלאָגן. אירע אויגן־הייטלעך האָבן זיך שוין נישט צוגעמאַכט און ווי עס האָט נאָר אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג און דער באַלקן מיט די ווענט זיינען גרויער געוואָרן, האָט אויף זיך שאָשע גענומען אַ לייכט סיצן קליידל, אָנגעצונדן אויפן קוימען אַ פּאָר שפּענדלעך און אַרויס פון שטוב. קייקלט זיך אַ רויכערנדיק פייערל הינטערן דנאָ פון אַן אַלטעטשקן, אויסגעבויגענעם טשייניק, עס הויבט זיך אויף אַ געדיכטער רויך איבערן קוימען.

מיט אַלע זיינע חושים האָט סענדער דערהערט טריט. עס האָט אים אַ מיש געטאָן אין קאָפּ. אַריינגעקומען זיינען, די מומע, לייבל רימאַזש און אַ פרעמדער ייד מיט אויסגעבויגענע גרויע שטיוול און מיט גרויסע שפּיציקע אַלטע ברעמען. לייבל האָט פרום געקושט די מזוזה. אַ צוגענאָגלטער איז סענדער געשטאַנען אין מיטן שטוב, פאַרלעגט איין האַנט אין דער צווייטער און זייטיק געקוקט:

— ווער איז דער פאַרשוין?

אַ מינוט שפּעטער האָט דער פרעמדער ייד שוין געטרונקען הייסע טיי. צוגעהאַלטן דאָס גלאָז מיטביידע הענט און אין איינוועגס דערציילט, אַז האָבן

האָט ער אין דאָרף אַן אייגן הייזל, קי און אַ פערד און וואָגן.

— דאָס אַלץ וועט געהערן צו דיר, מיין קינד — האָט דער ייד געזאָגט צו סענדערן.

לייבל רימאַזש האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט צוגעגעבן, אַז דאָס אַלץ איז אמת. סענדערן האָט דאָס געררייצט: קי, פערד און די טאָכ־טער . . .

אויפגעבליאַסקעט האָבן זילבערנע מטבעות אויף דער באַנק לעבן שאַ־שען, וואָס איז די מומע פונם יינגל, דעם יתום. זי האָט דערפאַר געוואונטשן דעם מחותן, אַז גאָט, דער טאַטע פון יתומים, זאָל זיין שטוב אָנפילן מיט פיל גוטס . . .

⁂

פון אינדערפרי אָן האָט סענדער אַ שווערע אַרבעט איבער זיך. ער זייפט און וואַשט זיך. די מומע האָט אים געבערענגט, איינגעוויקלט אין ווייס גילזן־פּאַפּיר, אַ יידיש טוכן היטל, וואָס האָט אַראָפּגעלאַכט פון סענדערס קאָפּ...

גוטע פריינט זיינען זיך צונויפגעקומען. דער געלער בונעם טרעגער, זיוועלע שניידער, אַ לאַנגער, פליישיקער יינג מיט אַ בלוט־רויט פּנים, ער וואוינט אויף דער לאָנקע, אונטערן שעכט־הויז מיט צוויי שיקסעס און אַבטשע דראָזשקער, אַ פעסט געפּאַקט מענטשל, וואָס קאַרגט זיין מויל צום ריידן, אָבער ביים בראָנפן, איז איין גלעזל נאָכן אַנדערן. פון גרויס שמחה האָט שאָשע זיך פאַנאַנדערגערעדט וועגן איר כלה־ווערן מיט איר מאַן, עליו השלום. זי האָט זיך געשעמט חתונה צו האָבן. זי איז געווען צו יינג. די געסט האָבן שטאַרק געלאַכט און אַריינקערנדיק אין זיך אַ גלעזל, האָט דער געלער בונם געפרעגט מומע שאָשען עפּעס קיצלדיקס. אַ געלעכטער האָט זיך פאַנאַנדער־געשאָסן. זיוועלע אַזש האָט זיך געבויגן אין דרייען און אַריינגעהירזשעט אין זיך. אַבטשע האָט זיך געוואָרפן קייכנדיק און געזעצט מיט די פויסטן איבערן טיש.

ס'האָט זיך געעפנט די טיר. „סקאָצל קומט, מחותן". דער מחותן איז געקומען מיט זיין פערד און וואָגן. אַבטשע דראָזשקער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט איבערן מויל, ווי אָפּצואווישן דעם בראָנפן און אויסגעצדיגן די האַנט צום מחותן. לכבוד דעם מחותן האָט מען איצט ווידער גענומען אַ ביסל בראָנפן. די קעפּ האָבן זיך געהויבן העכער און העכער. ס'איז פון אויג פאַר־

לוירן געוואָרן יעדער אָנהויב און יעדער סוף. די שטוב־זאַכן זיינען גע־שוואומען איינס אין אַנדערן. סענדער האָט דערלאַנגט אַ זאָג צו זייוולען, ער זאָל עפּעס זינגען, האָט זייוול זיך צעלאָזט אויף זיין קול: „ביי די שיינע זעלנער האָט...״ דעם מחותנס אויגן האָבן אַזש אַ פינטל געטאָן, ווי אַ פליג וואָלט אים אַ ביס געטאָן.

— סענדער — האָט דער מחותן געפרעגט — וואָס זינגט ער?

פון פאַרדרוס האָט זייוול אַריינגעזאָגט דעם מחותן, אַז ער פאַרט מיט אַלס מבין . . .

— וואָס איז עס עפּעס פאַר אַ רייד? — האָט דער מחותן זיך אויפ־גערעגט.

זייוול האָט צוגעלייגט זיין קאָפּ צו סענדערס קאָפּ און צוקנדיק מיט די אויגן האָט ער אים געפרעגט: „וואָס, סענדער, מיינסטו מיט עוואן?״

ביי די ווערטער איז טאָקע סענדערן געוואָרן סמוטנע . . .

***

מיט קוראַזש איז דאָס פערדל מיטן וואָגן מיט די געסט אַריין אין דאָרף. אַקעגן מחותנס הויז, אויפן שאָסיי, איז געשטאַנען אַ פריילעכע חברה שקצים און האָבן טאַנצנדיק געשפּילט אויף מויל־האַרמאָניקעס. דער לאָבוזעוואָטער אַנטעק האָט זיך צעלאַכט שפּאָטיש: — איי־ווײַ, פּאַן מלאָדי מאַ לאַדנאָן נאַ־זשעטשאָנען . . . (דער חתן האָט אַ שיינע כלה).

סענדערס בייניק פּנים האָט זיך פאַרגאָסן מיט רויטקייט. עס האָט זיך אים געגלוסט צו פאַרפאָרן מיט זיין האַנט אין שייגעצס מאָרדע.

דעם מחותנס שטוב איז געווען פול מיט חתונה־געסט. מילך־קאַנען זיי־נען געשטאַנען פאַרפאַקט אין אַ ווינקל, איבערגעדעקט מיט אַ ליילעך. עס האָט זיך פון זיי געהערט אַ זויערקייט פון קעז.

שנעל און שרייענדיק האָט שאָשע זיך געמאַכט אַ וועג צו דער כלה, אָפּרוקנדיק די מענטשן מיט אירע עלנבויגנס. זי האָט זיך אַרומגענומען מיט דער כלה, אַרום איר קורצן און דיקן האַלדז. זי האָט דער כלה געדריקט צו זיך און זי געקושט. סענדער אָבער האָט אַ גלאָץ געטאָן צו דער כלה מיט זיינע קרומע, ברוינע אויגן.

אַ פּריילעכער האָט דער מחותן אַליין באַדינט זיינע געסט. געשטעלט פּאַר יעדן באַזונדער אַ טעלערל מיט שטיקער לעקעך און אַ גלעזל דערצו און איצט, האָט ער פּריילעך אָוועקגעשטעלט פלאַשן מיט בראָנפן און ער אַליין האָט צו יעדן פון די חשובע געסט געטרונקען „לחיים". עס האָט געקלונגען מיט גלעזלעך. די היימישע דאָרפס־שקצים און שיקסעס האָבן נישט געהאַט די דרייסטקייט צו זיצן ביים טיש. זיי זיינען געשטאַנען, אָבער געטרונקען אומגעציילט. אַ גלאַנץ האָט געברענט אין זייערע אויגן.

מיט אָנגעצונדענע קאָלירטע ליכטלעך אין די הענט, זיינען אַלע, יידן און גויים, אַרויס אין דרויסן, צו דער חופּה.

ווי אַלע חתנים, איז סענדער געשטאַנען הינטער דער חופּה לעבן זיין כלה וואָס האָט מיט אַ טיכעלע פאַרשטעלט אירע אויגן, זי האָט געבעטן גאָט אויף גוט מזל פאַר איר מיט איר זיווג . . . ער האָט מיט זיין האַנט געהאַלטן זיין כלהס האַנט און געגלוסט האָט זיך אים גאָר זיך אַפּערצושאַרן און נעלם ווערן. ער האָט איצט געזען, עס גייט אויף אַן אמת . . .

געגאַנגען צוריק אין שטוב אַריין איז מען מיט געזאַנג און די שקצים האָבן צוגעשפּילט אויף זייערע מויל־האַרמאָניקעס.

און איצט אין שטוב האָט מען ווידער גענומען צו גלעזלעך.

— מזל טוב, חתן־כלה! — צום העכסטן האָט מען געהערט זיוולס שטימע.

סענדערס אויגן האָבן אויף זיוולען אַ בליץ געטאָן . . .

און אָט האָט דער עולם זיך געלאָזט אין אַ טאַנץ. די מומע שאָשע האָט געטאַנצט מיט דער כלה אַ פאַרצייטישן טאַנץ. זי האָט אַריינגעריסן אין איר טאַנץ בונעמען און זיוועלען און אַבטשען, איר סענדערס חברים. דער גאַנצער עולם האָט געטאַנצט. אויך די שקצים מיט די שיקסעס. עס האָט געדרייט זיך איבער דער שטוב אַ וויכער פון פנימער . . . האַסטיק האָט זיך געיאָגט אַ פּאָרל נאָך אַ פּאָרל. בונעמס פלאַם־פייערדיק פנים איז געלעגן אָנגעשפּאַרט אויפן אַקסל פון אַ היוכער לאַבעדיקער שיקסע. זיוול האָט געהאַלטן פעסט אין זיינע אָרעמס אַ קליין שיקסל מיט צוויי קינדערישע אייגלעך און סענדער האָט געברענט, האַלטנדיק זיינע שטאַרקע הענט פאַר די אַקסלען אַ דיקלע־כע שיקסע מיט צעוואָרפענע בלאָנדע האָר. דער טאַנץ איז געווען שטורמיש, דאָ פאַנאַנדערגעשפּרונגען און דאָ זיך ווידער פאַראייניקט און מיטאַמאָל —

אַ קוויטש האָט אין דער לופט זיך אַריינגעשניטן. פאַרגליווערטע זיינען אַלע געבליבן שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, ווי אַראָפּגעפּאַלענע טראַנסמיסיע־פּאַסן. דעם חתנס אויגן זיינען געווען צעדרייט, ווי ביי אַן אויפגערעגטן אָקס. דאָס פּנים רויט און שווייסיק.

מען האָט זיך געשטופּט אין קיך אַריין. ווייבער זיינען געשטאַנען אַרום דער פאַרחלשטער כלה און אַ יידענע מיט אַ טשיפּיק האָט געראַטעוועט דער כלה מיט קאַלטע וואַסער, ווי זי לעשט אַמאָל פייער אין קוימען.

סענדער האָט געשפּאַנט הין און צוריק אַ אונטערגעצונדענער, ווי אַט צום אויסשיסן. אין אים האָט גאָר געברענט אַ חשק צו צעפּראַסקען די פּיסקעס פון בונעמען און פון זיידועלען און אַבטשען נאָך מער, אַזוי פּראַסקען . . .

**

ווען די ערשטע ליכט־פּאַסן פונם באַגינען האָבן אַ ציטער געטאָן אויף די פּנימער פון די שלאָפנדיקע געסט איז פאַרן הויז שוין געשטאַנען אַ פערד און וואָגן די געסט אָפּצופירן צוריק אין שטאָט אַריין. דעם מחותנס געדונ־גענער שייגעץ האָט פויל זיך געפּאָרעט ביים צורעכט מאַכן די געזעסן. איינער ביי איינער פאַרשלאָפענע, זיינען די געסט אַרויסגעקראָכן פון סענדערס שווערס שטוב. אַז עס איז שוין געווען אַלץ פאַרטיק און דער שייגעץ, דער פורמאַן האָט אויפגעהויבן די בייטש צום פערד, איז גאָר סענדער אויסגעוואַקסן. ער איז דאָ, אָבער ווי ער זעט נעבעך אויס! דאָס פּנים זויער און די אויגן האָבן ווילד זיך געדרייט:

— אַ רוח אין אייער . . . מיר ווילט איר איבערלאָזן!

ער איז הינטערווײילעכטס אַריינגעשפּרונגען אין וואָגן. דאָס פערדל איז געלאָפן גאַלאָפּ. איבערן דאַך פון מחותנס הייזל האָט זיך געקייקלט אַ רויכל...

# אין דער משפחה

איטשע האָט אַפּילו הערן נישט געקענט זיין ברודערס נאָמען. דאָס איז געווען אַ שנאה, וואָס האָט זיך געצויגן נאָך פון די קינדער־יאָרן. שוין דעמאָלט זיינעןביידע ברידער, איטשע און זלמן, געווען צוויי יינגלעך, וואָס איינער קאַפּויער פון צווייטן.

כאָטש טאַטע־מאַמע, זייער פּראָסטע מענטשן, און דער טאַטע האָט מיטן דאַווענען געמאַכט איינס־צוויי, וואָס דער עיקר איז ביי אים געווען אַרבעט און עסן, איז פונדעסטוועגן איטשע אויסגעוואַקסן משונהדיק פרום, אַז ער האָט זיין יינגערן ברודער, זלמנען, געמאַכט דעם טויט פאַר זיין פּוצן זיך ווי אַ מיידל . . . פאַר זיין אַרומשטיפן מיט די אַנדערע יינגלעך פון הויף און פאַר נאָך אַ סך אַנדערע זאַכן. דערפאַר פלעגט זלמן מאַכן אַזעלכע מינעס אויפן פּנים, חוזק געמאַכט פון איטשען און אַמאָל פלעגט ער נאָך אָנרייצן די אַלע הויף־יינגלעך, וואָס האָבן פאַרן פּענצטער געמאַכט אַ „הוראַ" — „איטשע, פּיטשע, קיטשע ריטש . . .".

דאָס גרעסטע אומגליק איטשעס איז געווען, ווען זלמן איז אַהיים גע־קומען מיט אַ פרייד, אַז ער איז שוין אָנגעדונגען ביי שמואל־זאַוול שוסטער, אויף דער לער. דאָס איז געווען ביי איטשען דאָס ערגסטע. פון איצט אָן איז ביי אים זלמן אויס ייד . . . אַוועקגעוואָרפן די גמרא און מסתמא וועט ער אויך אַוועקוואַרפן דאָס דאַווענען, איז אויס . . .

טאַקע דערפאַר, וואָס טאַטע־מאַמע זיינען געווען אַזעלכע פּראָסטע מענטשן, איז איטשע געווען זיכער, אַז איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אויף יענער וועלט וועט ער דאַרפן ענטפערן, פאַרוואָס ער האָט דאָס צוגע־לאָזט . . . אָבער נישט נאָר אויף יענער וועלט, עס איז אים שוין, אויף דער וועלט, אַ חרפּה און אַ בושה מיט אַזאַ ברודער . . .

דער דאָזיקער טאָג איז אין שטוב געווען „תשעה באב". איטשע האָט עס געשריגן ווי אַן אָפּגעברענטער. ער איז אַרומגעלאָפן איבער דער שטוב ווי אַ משוגענער. עס האָט זיך געדוכט, אַז ער וועט דעם קליינעם יינג באַלד

צעממיתן. די שכנים זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן אויפן גאַס און אַריינגעשריגן אין פענצעטר: „שטיל זאָל זיין, שטיל!“.

*
**

כאַטש אין איין שטאָט, האָבן פונדעסטוועגן איטשע און זלמן זיך גע־עלטערט ווייט איינער פון אַנדערן, ווי זיי וואָלטן געווען צוויי פרעמדע מענטשן.

איטשע איז געווען אַ מלמד און אַן אָרעמאַן. ער איז געווען אַ שלעכ־טער מלמד, ווייל „ווי צו זיבן אַזוי צו זיבעציק“, איז ער געווען אַ גרויסער כעסן. ער האָט זיך נאָר געבייזערט מיט געשריי אויף זיינע תלמידים. ביי די חדר־יינגלעך אין שטאָט איז געווען „יד אחת“ נישט צו לערנען ביי איטשען. ער האָט טאַקע געהאַט זייער ווייניק תלמידים, אָבער ער האָט ווייטער גע־שריגן . . . ער איז געווען שטאַרק באַוואַקסן מיט באָרד און פאות און ער איז געווען שאַרף אין „שטיבל“ אַפילו קעגן עלטערע יידן און אין שטוב צו זיינע צוויי בחורים, צו לייבלען און נתנען איז ער געווען נאָך מער ווי שאַרף. ער איז געווען אויף טריט און שריט זייער קטיגור. טאָג און נאַכט האָט ער געהאַט צו זיי טענות. דאָ איז זייער לערנען נישט גוט, דאָ איז זייער דאַוונען נישט גוט און דאָ איז זייער פירונג נישט גוט. ער איז זיי דערגאַנ־גען די יאָרן. זיי האָבן אויסגעזען זייער בלייך. זיי וואָלטן געווען גאָר שיינע. ביידע בלאָנד און טונקל־בלויע אויגן, אָבער זיי זיינען געווען בלייך און סמוטנע. דער טאַטע זייערער האָט זיי געהאַלטן אין איין מאַטערן. און גאָר שאַרף איז ער געווען לגבי דעם עלטערן, זיין בכור, לגבי לייבלען. לייבל איז שוין אַלט געוואָרן אַכצן יאָר און מען זעט נישט און מען הערט נישט, ווער עס זאָל קומען מיט אַ שידוך פאַר לייבלען. און אין אמתן — האָט איטשע פאַרשטאַנען — פאַרוואָס זאָל מען אים נעמען? אז לערנען נישט און יראת שמים אויך נישט . . .

— און וואָס וועט זיין פון דיר לייבל? — האָט דער טאַטע אים גע־געסן און געקלעמט — וואָס מיינסטו מיט דיר? ווער וועט דיר אויפכאַפן? . .

אָט אַזוי איז עס געווען איטשע. ער האָט נאָר געפייניקט די קינ־דער. זיי זיינען איינגעגאַנגען ווי זאַלץ אין וואַסער.

אָבער נאָך אַלעמען פלעגט איטשען הנאה טאָן, דאָס וואָס די קינדער

זיינע וויסן נישט, אַז זלמן איז זייער פעטער, וואָס נישט קיין תורה און נישט קיין יראת־שמים און נאָך דערצו אַ טריפהנע שטוב און איז נאָך אַ גביר אויך . . . דאָס פעלט נאָך, אַז די ייִנגלעך זיינע זאָלן וויסן וועגן זלמנען! וואָס זלמנען איז יאָ געגאַנגען בעסער, געוואָרן אַלץ מער נגיד, אַלץ מער שונא איז איטשע אים געווען. ער האָט געציטערט, ווען ער האָט זיך אין אים דערמאָנט. „ער איז נאָך דערצו אַ גביר אויך" . . . ער האָט זיך אָבער געטרייסט, אַז דאָס איז אַלץ נאָר אויף דער וועלט, דערפאַר אויף יענער וועלט . . .

איטשע האָט זיך געהיט מיט אַ וואָרט סיי פאַר די קינדער און סיי פאַר פרעמדע מענטשן, אַז דער אַ זלמן איז זיינער אַ ברודער. ער איז געווען זי־כער, אַז קוים חלילה די וועלט וועט זיך דערוויסן, אַז דער זלמן איז זיין ברודער, מעג ער מיט זיינע ייִנגלעך זיך אַוועקלאָזן אין מרחקים, וואו קיינער קען אים נישט און טאָן מיט זיי דאָרט שידוכים, אָבער דאָ אין שטאָט וועט ער נישט קריגן . . .

און זלאַטע לאה, אויף אַלץ, וואָס איר מאַן האָט געזאָגט, האָט זי צו־געשאָקלט מיטן קאָפּ. זי האָט אין אים געגלויבט ווי אַ חסיד אין רבין. זי האָט שוין אויסגעזען ווי אַן אויסגעלאָשענער מענטש. די באַקן הוילעביינער, בלאַס, ווי אַ טויט־קראַנקע און אין אירע אויגן איז געלאָפן אַ פיבער־גלאַנץ. קוים וואָס די נשמה איז געווען אין איר. דאָך איז זי געווען צופרידן מיט איטשען, ווייל ער איז טאַקע אַזאַ צדיק און ווי ער היט אָפּ די ייִנגלעך, אַז זיי זאָלן חלילה נישט פאַרקריכן... מיטן מאַנס התנהגותן איז זלאַטע לאה געווען גליקלעך. אויף אַלץ, וואָס איטשע האָט געזאָגט, האָט זי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ . . .

⁂

זלמן איז געווען אַ נאָמען אין שטאָט, אַ באַרימטער שוסטער. ער איז ווייט אַריבערגעשפּרונגען זיין מייסטער שמואל־זאַוול שוסטער, וואָס האָט געמאַכט שווערע שטיוול און שיך, זיי זאָלן זיין אויף יאָרן . . .

עס פעלן אין שטאָט נישט קיין שוסטערס, אָבער אַזעלכער ווי זלמן איז נישטאָ. זיינס אַ שוך איז שיין, ליגט ווי אָפּגעגאָסן און איז אָנגענעם פאַרן פוס. מילא, די יוגנט, און ווער שמועסט חתנים און כלות ווייסן צו באַשטעלן פאַר זיך שוכוואַרג נאָר ביי זלמנען. אָבער אויך עלטערע מענטשן און אַפילו

פאַרצייטישע מענטשן גייען שוין אויך צו זלמנען. „עס איז דאָך אַ נחת פאַר די פיס". — זאָגן זיי. — „עס קאָסט טאַקע אַ סך טייערער, עס איז אָבער ווערט. מען ווייסט, אַז מען לעבט".

זלמן איז געווען פון די שיינע באַלעבאַטים אין שטאָט. פאַרשריבן אין אַ סך חברות און ער האָט שוין געהאַט „חסידים" וואָס האָבן אים געוואָלט אַריינציען אַלס דאָזאָר אין דער קהילה. ער האָט נישט אויסגעזען ווי אַ שוס־טער. ער האָט גיכער אויסגעזען אַ דאָקטאָר. דין און לייכט, אַרומגעשוירן און אַרומגעפּוצט, ריין און שיינענדיק. פריילעך און מיט אַ וויץ. טויבעלע, זיין ווייב, איז געווען אינגאַנצן געראָטן אין איר מאַן. זי איז אויך אַזוי שיין און געפּוצט, לעבעדיק און שמייכלענדיק. אַזוי אויך זייער טעכטערל, שפרה־לע. חוץ, וואָס זי איז שיין און שוואַרץ־חנוודיק איז זי שפּילעוודיק מיט טאַטע־מאַמע פּונקט ווי זיי מיט איר. זי איז דאָך די איין־און־איינציקע. אַן אויג אין קאָפּ. כאָטש זי איז שוין אַ מיידל פון אַ יאָר זיבעצן, איז זי ביי אירע טאַטע־מאַמע דאָס ליבע און טייערע קינד. „שפרהלע טייערע!".

און אין שטאָט האָט כמעט קיינער נישט געוואוסט אָדער נישט גע־דענקט, אַז דער זלמן און דער מלמד זיינען ברידער. עס וואָלט זיך גאָר קיי־נער נישט געגלויבט . . . זלמן האָט זעלטן דערמאָנט זיין ברודערס נאָמען סיי פאַר פרעמדע מענטשן און סיי אין זיין הויז. עס איז אים געווען נישט אָנ־גענעם. ער האָט שטענדיק געהאַט דעם עגמת נפש, וואָס זיין ברודער זעט אַזוי אויס, איז אַזאַ מענטש . . . אין שטוב האָט מען קיינמאָל נישט געמאַכט מיט אים קיין שמועס וועגן דעם. מ'האָט געמאַכט אַ שווייג.

***

אַ מאָדנע מעשה האָט פּאַסירט ביי איטשען, אַז זיינע אויערן האָבן זיך אויפגעשטעלט און זיינע אויגן זיינען געווען אויסגעגלאָצט. ער איז געווען איבעררראַשט, כמעט דערשראָקן. אויף אַזאַ מעשה האָט ער זיך גאָר נישט געריכט.

ס'איז געווען פרייטאָג ביינאַכט. אין חדר זיינען די יינגלעך שוין לאַנג נישט געווען. פון „רואיקייט" און האָבן צופיל צייט, האָט איטשע איינגעטענהט מיט זיינע יינגלעך און דער עיקר מיט זיין בכור, מיט לייבלען, אַז עס איז אַ שרעק ווי זיי זעען אויס, אַז אַפילו אַ בלינדער קען דאָס זען.

— וועמען, לייבל, קענסטו איינריידן, אַז דו ביסט עפּעס ווערט?! דו זעסט דאָך אויס ווי דו וואָלסט אין זינען געהאַט דעם טייוול . . . און לעבן דיר זעט נתן אויך אַזוי אויס. וועמען לייבל, וועסטו קענען נאַרן?..

— וואָס לויפסטו, לייבל, וואו גייסטו? שטיי דאָ. עס געפעלן דיר נישט מיינע רייד?..

זלאַטע לאה האָט פון קיכל, וואו זי האָט זיך געפּאָרעט אַרום צוגרייטן דעם שבת, אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ מיט אירע גלאַנציקע אויגן. דער קאָפּ האָט פון נחת זיך געשאָקלט. גאָלדענע רייד, איטשעס. וואָס דען וועט זיין פון אַזאַ לייבלען, אַז מען זאָל אַזוי צו אים נישט ריידן? ער וועט בלייבן אַן אַלטער יינג?

אָבער דאָ האָט די טיר זיך אָפּגעשפּאַרט. עס איז אַריין אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן, געלאַסן, רואיק. די לענגלעכע בלאָנדע באָרד איז זיך רואיק געלעגן ווי ביי אַ געמיטלעכן סוחר.

— וואָס זאָגט איר גוטס? — האָט איטשע דעם ייד געפרעגט און אַריינ־קוקט גוט אין זיין פּנים — דוכט זיך גדליה איז אייער נאָמען.

— יאָ — האָט דער ייד געענטפערט — איך הייס גדליה. איך בין אַ שטיקל שדכן . . .

איטשע האָט אַ ברייטן און גרויסן קוק געטאָן איבער דעם גדליהן און האָט זיך אַוועקגעזעצט און געבעטן ר׳ גדליהן זיך צו זעצן.

דער שדכן האָט איצט אויסגעזען אין איטשעס אויגן ווי אַ גזלן, ווי ער זיצט זיך עס אַזוי רואיק און האָט נאָך דערווייל קיין איין וואָרט נישט געזאָגט. ווי עס רירט זיך . . .

— נו . . . — האָט אים איטשע געמונטערט.

— איך האָב פאַרשטאַנען אַז איצט האָט איר צייט. פרייטאָג בייטאָג.

— נו . . .

— אַ היימישער שידוך — האָט דער שדכן געזאָגט.

איטשע האָט אַזש געמאַכט אַ גרימאַס פון פאַרטראַכטן זיך און לערנען זיך טרעפן. אין דער מינוט זיינען אין זיין מוח „פאַרביי״ צענדליקער היי־מישע יידן.

— נו . . . — איטשע האָט געפילט, אַז דער געדולד ענדיקט זיך.

— אָבער גאָר אַ היימישער שידוך — האָט דער ייִד צוגעשמייכלט זיך.

— נו, זאָג שוין!

— טאַקע מיט דיין ברודער . . .

ווען גדליה שדכן וואָלט אָנגעטראָטן אויפֿן ווידל פֿון אַ בער וואָלט זיך נישט דערהערט אַזאַ געשריי ווי איצט פֿון איטשען. ער איז עפּעס געשפּרונ־גען איבער דער שטוב און שרעקלעך געפֿילדערט: „ווער האָט געשיקט?!" „וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שוואַרץ יאָר?!"

גדליה שדכן האָט געמיינט, אַז ער איז אַריינגעפֿאַלן צו אַ משוגענעם און אַז ער וועט נאָך באַלד קריגן אַ ביס. ער האָט זיך געררוקט און נישט געפֿונען די טיר. זיין פּנים איז געוואָרן אויפֿגערעגט און דערשראָקן. אין דרויסן איז גדליה שדכן קוים צו־זיך געקומען. ער האָט קוים געאָטעמט. ער איז געגאַנגען אַרויס פֿון הויף, טריט ביי טריט און ער האָט געהאָט גרויספֿאַראיבל אויף זיין מזל . . . אָט האָט אַזאַ זלמן, ווי אויף חוזק, אים געשיקט צו אַ משוגענעם ברודער. אַ מזל . . .

אַז דער „באַרישער" שדכן, איז שוין געווען אויף יענער זייט טיר איז איטשע נאָך אַלץ געווען אויפֿגערעגט, אָבער ער האָט שוין עפּעס געלאַכט. ער האָט עפּעס „געכאַכעט" ער האָט געלאַכט און אַ בלויער אָדער אין זיין פּנים האָט געציטערט.

— זלאַטע לאה, האָסט געהערט? האָסט געהערט ווי איך האָב דעם משוגענעם שדכן דערציילט די מעשה. עס וועט דאָך געוויס דערגיין צו צו יענעם פֿאַרשוין. גאַנץ גוט, גאַנץ גוט.

זלאַטע לאהס בלאַס פּנים האָט אָנגעקוואָלן. איטשע האָט נאָך אַלץ נישט געקענט קומען צו זיך. ער האָט אַראָפּגענומען די יאַרמלקע פֿון קאָפּ און דערמיט געפֿאָכעט איבער זיין צעהיצט פּנים. שרעקלעך הייס איז אים געווען.

— גאַנץ גוט, אַז ער וועט דערציילן — האָט איטשע געסאָפּעט — גאַנץ גוט. אַזאַ העזה!

— דאָס אין אַן אָפּגערעדטע זאַך — האָט זלאַטע לאה געזאָגט — יאָ, יאָ, איטשע. עס גלוסט זיך נאָך זיי אַריינצוקריגן פֿאַר אַן אידעם אונזער קינד.

— איצט ווייסן זיי שוין — האָט דערויף אָפּגעסאָפּעט איטשע.

דערווייל האָט איטשע דערזען אַז לייבל איז גאָר נישטאָ. איז אים גאָר געפעלן געוואָרן. ער וויל נאָר וויסן, ווען איז ער אַרויס פון שטוב. ער האָט עס נישט געזען.

ווען איז לייבל אַוועק, איר האָט נישט געזען?

זיי האָבן עס ביידע נישט באַמערקט, נישט די מאַמע און נישט נתן.

דאָס איז איטשען גאָר געפעלן געוואָרן. עס איז נאָך גוט, וואָס לייבל איז דערביי נישט געווען. אַזאַ „לאמדזשעך" ווי לייבל, וואָלט עס אים נאָך גאָר געצויגן צו אַזאַ זלמנס הויז . . . גאַנץ גליין, וואָס ער איז דערביי נישט געווען.

— און דו נתן, פּתח שין שאַ . . . האָסט געהערט? קיין פּיפּס, קיין וואָרט . . .

איטשען איז גאָרנישט איינגעפאַלן חושד צו זיין, אַז לייבל איז גאָר ביי זלמנען, אין זיין הויז פּונקט ווי אַן אייגן קינד, אַז מען האַלט אים דאָרט ווי אַן אוצר, ווי עס וואָלט זיי געשען אַ נס, וואָס לייבל איז שוין אין זייער הויז, אַז עס איז מיט זיין קינד דאָרט יעדן טאָג ששון ושמחה און מען רעדט שוין דאָרט אָפן וועגן חתונה, אַז לייבל און זלמנס מיידל זאָלן גאָר אינגיכן חתונה האָבן.

דאָס האָט גאָר איטשען נישט געקענט איינפאַלן, וואָרן פון וואָס? אפשר פון לייבלס נעבעכדיק פּנים, ווי ער ווייסט נישט פון קיין שום אַנדער זאַך, ווי צו קוקן דעם טאַטן אין מויל אַריין?

⁂

לייבל איז ביסלעכווייז געוואָר געוואָרן זיין יחוס, אַז זלמן שוסטער איז זיין פעטער, דעם טאַטנס ברודער. ער איז עס געוואָר געוואָרן ביסלעכ־ווייז, ווייל אין שטוב האָט ער מורא געהאַט צו ריידן און פרעגן דערוועגן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער טאַטע איז מיט אים שאַרף צעקריגט און דאָס איז קיין חידוש נישט געווען. ער האָט דאָך געקענט זיין טאַטן, און פאַר די מענטשן, פון וועמען ער האָט זיך דאָס דערוואוסט, האָט ער געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי אַז דאָס ווייסט ער זינט ער איז געבוירן געוואָרן.

ס'איז אים נישט לייכט אָנגעקומען דאָס גיין צום פעטער. וואָס הייסט גיין? צוליב וואָס?

אָבער ער איז דאָך געגאַנגען, ווייל ער האָט בכלל נישט געהאַט וואו־הין צו גיין, ער האָט נישט געהאַט וואָס צו טאָן, האָט עס אים געצויגן. ער איז אַריין אין אַ הויכער ווייסער שטוב און פריילעכע מענטשן. דער פעטער, דוכט זיך, אַז דער פעטער, אַ דראָבנענקער מיט לייכטע טריט און מיט אַ דינעם שמייכל איז אים אַקעגנגעקומען, אים אָנגעקוקט מיט אַן אויג, וואָס זעט עפּעס אַ היימיש ייִנגל. און ווי זלמן האָט דערהערט ווער ער איז, אַז ער איז איטשעס זון איז אין אים אַריין אַ פרייד, ווי זיין טאַטע, איטשע וואָלט געווען זיין בעסטער פריינט, זיין געטרייער ברודער, וועמען ער האָט שוין לאַנג נישט געזען. זלמן איז געווען איבערראַשט. זיין פּנים האָט געפלאַמט. זלמן האָט לכתחילה זיך געשעמט: „וואָס הייסט, ער קען אים נישט? ער איז דאָך זיין ברודערס ייִנגל און מען וואוינט דאָך דאָ אין שטאָט״, אָבער באַלד האָט דאָס צוגעדעקט די צופרידנקייט, וואָס איטשעס אַ קינד האָט דערפילט, אַז ער דאַרף זען דעם פעטער און דעם פעטערס הויזגעזינט. עס איז דאָך אַ הימל־זאַך.

— ווי איז דיין נאָמען? לייבל?

לייבל איז געווען צעטומלט פון דער הויכקייט פון דער שטוב, פון דער ווייסקייט פון די ווענט און פון די אַלע שמייכלען. אַרום און אַרום שמייכלען. די מומע איז דאָך אַ שיינע און זייער מיידל, שרהלע, זעט דאָך אויס באמת כישופדיק.

דער פעטער זלמן האָט זיי מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— ער איז לייבל, מיין ברודערס זון.

— שפרהלע, ער איז דיין קוזין.

— און וועמען האָסטו נאָך?

— אַ ייִנגערן ברודער, נתן.

— וואָס מאַכן זיי אַלע?

מען האָט וועגן דעם קורץ גערעדט. געפרעגט און ער, לייבל האָט עפּעס געענטפערט.

זלמן, אַ צופרידענער האָט געפירט לייבלען ביי דער האַנט, אים צוגעפירט צום טיש. די מומע און שפרהלע האָבן גוט געשמייכלט. עס איז פּאַר אַלעמען געווען קלאָר, אַז ער איז איצט נישט אַריינגעקומען ווי נאָר אויף איינמאָל און נאָר אויף אַ מינוט און ווייטער גאָרנישט. ניין, נאָר

ער איז דאָ געקומען ווי אַ פריינט און אַז ער וועט זיין גליקלעך אויב מען וועט זיין צו אים פריינטלעך. זיי האָבן זיך מיט אים געפרייט ווי מיט אַ פריינט, וואָס קומט פון אַ ווייט לאַנד. ער איז דאָך געקומען . . . אַממייסטן האָט זיך מיט אים געפרייט זלמן. ביי זלמנען איז דאָס נישט געווען קיין געוויינלעכע פרייד, נאָר אַ פרייד מיט אויפרעגונג געמישט. ער איז געווען צעשרויפט. ער האָט עפּעס אין דעם געזען אַ זאַך פון הימל.

מען האָט מיט לייבעלען פאַרברענגט ביז פאַרנאַכט, ווען עס איז גע־וואָרן טונקל און אַ רויטער בליאַסק איז געפאַלן אויף דער שויב. דעמאָלט האָט לייבעלע זיך דערמאָנט, אַז ער מוז שוין אַהיים לויפן. זיי ווידער איז עס געווען אַ שאָד, וואָס לייבל גייט שוין אַהיים.

— אָבער מאָרגן, לייבל, — האָבן דאָס געזאָגט דער פעטער און די מומע — זעען מיר זיך.

און שפרהלע האָט אים נאָכגעקוקט מיט זיסן שמייכל אויף איר שיין, שוואַרץ־חנוודיק פּנים.

***

לייבל האָט געהאַט אַ נישט רואיקע נאַכט. נישט געשלאָפן. האָט ער דאָך עפּעס היינט אָפּגעטאָן אַ זאַך, וואָס ווען דער טאַטע ווייסט דאָס וואָלט איצט דאָ געשען ערד־ציטערניש. ער איז אויך נישט געשלאָפן פון איבער־ראַשונג. עס קלינגט אים אַנגענעם אין די אויערן:

— אָבער מאָרגן זעען מיר זיך . . .

לייבל האָט געפילט פיבער אין זיך. דאָס חשיבות פון שפרהלעס אויסזען האָט אים גערייצט. „וואָס זשע וועט זיין?..‟ — האָט ער זיך צענדליקער און צענדליקער מאָל געפרעגט דורך דער נאַכט.

אינדערפרי אויפכאַפּנדיק זיך, האָט ער זיך נישט געגלויבט, אַז ער איז אַ ביסל געשלאָפן. ווי האָט ער גאָר געקענט שלאָפן?!

ער האָט זיך שנעל אָנגעטאָן. ער האָט זיך געיאָגט.

— וואָס איז דאָס געיעג ביי דיר? — האָט אים די מאַמע געפרעגט.

— גאָרנישט, גאָרנישט — האָט לייבל געענטפערט.

און איצט איז לייבל אַריין אין פעטערס הויז ווי אַ היימישער, ווי מען האָט זיך שטענדיק געקענט, ווי ער וואָלט מיט שפרהלען זיך צוזאַמען אויפ־

געכאַוועט. דאָס האָט זיי אַלע הנאה געטאָן. פון איצט אָן האָבן זיי נענטער געקוקט לייבלען אין די אויגן, אַ סך נענטער. אַ גליקלעכער האָט לייבל אַלעמאָל באַמערקט, ווי דער פעטער מיט דער מומען ווינקען זיך איבער מיט פיינעם שמייכל איבער אים. עס איז אים דערפון געווען זייער גוט.

שווער איז שפּרהלען געווען דער פאַרנאַכט און אויך דאָס זעלביקע אירע טאַטע־מאַמע. לייבל איז אויפגעשטאַנען אַהיים צו גיין. שפּרהלע און אירע טאַטע־מאַמע האָבן פאַרדריסלעך געקוקט.

— פאַרגעס נישט, לייבעלע, צו קומען נישט שפּעטער — האָט די מו־מע געזאָגט מיט געלעכטערל.

לייבל פלעגט נישט זיין פּינקטלעך. ער איז געקומען, אַמאָל פריער און אַמאָל שפּעטער . . .

— יאָ, יאָ. איך וועל זיין פּינקטלעך.

***

איטשע איז גראָד געווען אין גאַס און ווי זיין שטייגער איז ער שנעל געגאַנגען, כמעט ווי געלאָפן און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. עס איז אים אַקעגן געקומען אַ היימישער ייד פון „שטיבל”, בעריש, וואָס האָט געקלאַפּט אויפן טראָטואַר מיטן שטעקן.

— איטשע ?

— בעריש ? — איטשע האָט אים דערקענט לויטן קול.

בעריש איז געווען אין „שטיבל” פון די אָנגעזעענסטע יידן, סיי ווייל ער איז פון די עלטסטע חסידים, ער געדענקט נאָך דעם רבינס זיידן. נישט איין חסיד איז אים דערמיט מקנא און סיי דערמיט, וואָס ער איז ביים רבין פון די טיש־זיצערס. בעריש אַליין טוט גאָר נישט פאַר פרנסה. ער האָט קיינמאָל נישט געטאָן, בפרט היינט, אויף דער עלטער. זיין ווייב מיטן מיידל, מיט דער מיזינקע, זיי פאַרנעמען זיך מיט מילכיקס, וואָס זיי שטעלן צו צו אַ ביסל באַלעבאַטים. אָבער בעריש איז נאָך קיין עין הרע אַ געזונטער מענטש. זיין רויטלעך פּנים און זיין געל־גרוי בערדל זעען אויס, אַז בע־ריש איז נאָך ביים קוראַזש. איז ער דעם גאַנצן טאָג פאַרנומען, גייענדיק מיטן שטעקן פון חסיד צו חסיד מיט „פּאַטשטן” פון רבינס הויף.

— איך מוז דיר זאָגן איטשע, אַז איך האָב עגמת־נפש פון דיין לייבלען.

איטשע האָט אויפגעהויבן אַ פּאָר דערשראָקענע אויגן.

— איך האָב אים היינט געזען גיין מיט אַ מיידל. ס'איז מיר געווען אַ חידוש. איך האָב אים געהאַלטן פאַר אַ מענטש . . .

איטשע האָט אַ צאַפּל געטאָן.

— איך האָב אים געוואָלט אָפּשטעלן און אים גוט אויסשייגעצן, איז ער מיר נעלם געוואָרן.

— אָבער, איטשע, געלאָסן. איך קען דאָך דיר איטשע, דערפאַר זאָג איך דיר, געלאָסן.

איטשע איז שנעל־שנעל, מיט אַ גרימעניש אין בויך, אַנטלאָפן אַהיים.

ער האָט אַלץ דערציילט זלאַטע־לאהן. זי מעג וויסן, זי איז די מאַמע. זי האָט אויסגעזען טויט הערנדיק די דאָזיקע מעשה. איר נאָז איז עפּעס פּלוצלונג געוואָרן פאַרשפּיצט און שוואַרץ און אירע אויגן האָבן מאָדנע גע־גלאַנצט.

די וועטשערע איז שוין געווען אויפן טיש, אָבער לייבל איז נאָך נישט געווען אין שטוב. און איטשע, פון אויפרעגונג, איז „אַרומגעפלויגן" איבער דער שטוב פול, פול מיט גרימעניש, כעס און קרענקונג. ער קען גאָרנישט צוגיין צום טיש, צו דער וועטשערע, אַז דער יינג איז נישטאָ. ווי קען ער נעמען אַ ביסן אין מויל כל־זמן ער האָט אים נאָך נישט געזען. איטשע האָט געקרעכצט און זלאַטע־לאה האָט געזיפצט און דער איבערגעשראָקענער נתן האָט, אַן אויסגעבלאָסטער, אָנגעקוקט טאַטע־מאַמע. ער האָט מורא געהאַט אַרויסצולאָזן אַ קלאַנג פון זיין מויל, ס'איז סכנת נפשות.

איטשע האָט זיך איבערגעבעטן מיט דער „וועטשערע", אָבער זי האָט נישט געהאַט קיין טעם. עס האָט זיך נישט געגעסן. די קאַרטאָפליעס זיינען אים אַראָפּגעפאַלן פון לעפל און פון נערוון האָט ער זיי צעטרעטן מיטן פוס אויפן דיל. יעדער לעפל גריץ האָט אים אָפּגעבריט און ער האָט זיך געיאָגט. דאָס „בענטשן" איז געווען וויינענדיק, אַז לייבל איז נישטאָ און עס איז צוליב אים קיין „מזומן" נישטאָ. עס האָט נישט געהאַט קיין שום טעם.

ער האָט נישט געוואוסט וואו ער האָט צו לויפן, אָבער ער האָט גע־שפּירט, אַז לויפן מוז ער. קודם־כל איז ער אַריין אין בית־מדרש, עפּעס געוואָר ווערן. עס איז דאָך אָבער אַ חרפה צו פרעגן מענטשן, אפשר וויסן

זיי וועגן זיין חתן־בחור. דאָס איז דאָך זיכער נישט שיין און עס טויג נישט...
ער האָט אָוועקגערופן אין אַ זייט נעבעך דער קצבטעס יינגל. ער איז דעם גאַנצן טאָג אין בית־מדרש.

— זעסט דאָ לייבלען?

— אַוודאי — האָט דער יינגל געענטפערט.

— ווען איז ער עס היינט אַוועק פון בית־מדרש?

— דרייט מיר נישט דעם קאָפּ — האָט דאָס יינגל זיך אַ וואָרף געטאָן און איז פון אים אַוועק אין כעס.

איטשע האָט שוין באמת נישט געוואוסט וואו צו גיין. ער איז געשטאַנען און געקוקט צו די קריכנדיקע טונקעלע און שוואַרצע וואָלקנס, אָבער ער האָט זיך געכאַפּט און איז אַוועק אַהיים. לייבל איז דאָ און ער זיצטביים טיש און ער עסט די „וועטשערע", אַזוי ווי גאָרנישט.

— וואו ביסטו געווען? — האָט אים איטשע געפרעגט, גראָד געלאַסן. ער האָט געדענקט, וואָס בעריש האָט אים אָנגעזאָגט.

— וואָס איז? — וואונדערט זיך לייבל אויפן טאַטנס פראַגע — אַז איינער האָט מיך פאַרהאַלטן עפּעס מיט מיר גערעדט, איז וואָס? מה רעש?

איטשע האָט אים גאָרנישט געזאָגט, וואָס בעריש האָט אים דערציילט. גאָרנישט. איטשע איז אים געקראָכן „אויפן קאָפּ".

— צי דו ווייסט וואו עס וואוינט זלמן?

— וועלכער זלמן?

— דו ווייסט גאַנץ גוט, ווען איך מיין. מיין ברודערל, דאָס שוס־טערל.

— יאָ, פון ווייטנס.

— פון וואַנען?

— כ'ווייס דאָרט! וואָס איז עס פאַר אַ שאלה?

— גאָרנישט.

— דו קענסט זיי דאָרט?

לייבל האָט געהויבן מיט די אַקסלען.

איטשע האָט אָפּגעהאַקט. ער זעט דאָך, אַז דער יינג ווייסט פון גאָר־נישט און בעריש האָט זיכער דאָ געהאַט אַ טעות. פאַרדריסט עס אים אויף

בערישן. וואָס איז עס פּאַר אַ זען און וואָס איז עס פּאַר אַ זאָגן? ער וועט דאָס אים אויסריידן. עס איז נישט שיין און עס טויג נישט . . .

***

גלאַט אין מיטן, העלן טאָג, נישט ריכטנדיק זיך אויף קיין שום זאַך איז אַריינגעקומען צו איטשען אין חדר זלאַטע־לאַהס אַ קרוב, משה נחמיה. דער משה נחמיה קומט דאָ זייער זעלטן און אַז ער קומט שוין יאָ, האַלט איטשע אין איין בייזערן זיך, נישט חלילה אויף משה נחמיהן, נאָר אויפן היינטיקן דור. ס'איז אַ דור! איז איטשע בייזערט זיך און משה נחמיה זיצט גאָר אויף אַ שטולכל און עס זעט אויס ווי ער שלאָפט, ער רוט זיך אָפּ אַ ביסל . . . און דאָס וואָס איטשע שרייט אַרט אים גאָרנישט, ער איז דאָך געדעכט . . .

אָבער אַז עס איז אויסגעקומען צו ריידן וועגן לייבלען. עס איז אויסגעקומען. גראָד האָט דער טאַטע אים דערמאָנט, האָט איצט משה נחמיה זיך אויפגעכאַפּט פון זיין דרעמל און געפרעגט איטשען, ווי עס פרעגט אַ קרוב:

— האָסט זיך משדך געווען מיט זלמנען?

— דו מוזט ריידן פון שלאָף! — האָט איטשע זיך אַ וואָרף געטאָן.

— אַזוי . . . כ'האָב געמיינט . . .

— וואָס געמיינט? וואָס רעדסטו משה נחמיה? וואָס איז?

— גאָרנישט . . . געהאַט אַ טעות . . . גאָרנישט . . . אַ גוטן טאָג.

האָט זיך אויפגעהויבן משה נחמיה און איז אַוועקגעגאַנגען.

איטשע איז געזעסן טויט־מיד, ווי ער וואָלט איצט לעבן משה נחמיהן זיך אַזוי פאַרמאַטערט. נישט געהאַט קיין כוח צו אָטעמען.

***

און איצט האָט איטשע אין זיין לייבלען געזען, וואָס ער האָט ביז איצט נישט אַזוי געזען, אַז זיין פּנים איז אַ חוצפּהדיקער, טריפהנע מאָרדע . . . ער האָט דאָס, אַ חידוש, ביז איצט נישט אַזוי געזען. אַזאַ מאָרדע איז פון טריפהנע מאכלים . . ." וואָס דען, פון מיין גריץ מיט די קאַרטאָפלעס?"

— לייבל — האָט איטשע געדונערט — לייבל, גייסט אַרום מיט דער מויד?

— וואָס מויד? — האָט לייבל זיך איבערגעפרעגט גאַנץ תמעוואַטע.
— דו ווערסט אפשר זאָגן, אַז דו גייסט נישט אַרום מיט זלמנס מויד?
— וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַגע? — האָט לייבל זיך איבערגעפרעגט מיט וואונדער.
— עוכר ישראל, וואָס פרעגסטן פאַר אַ קשיות? זאָג!
— וועל איך דיר זאָגן, עס איז אמת — האָט לייבל שאַרף אָנגעקוקט זיין טאַטן, — יאָ.
— זלאָטע־לאה — האָט איטשע געדונערט — דער יינג האָט זיך שוין מודה געווען. אַזוי לאַנג געגאַרט און איצט מודה געווען.
— איך וועל בלי נדר — האָט איטשע ווייטער געשטורעמט — זיין ביים שוסטער און אים אויסזידלען פאַרן אַראָפּפירן דיר פון וועג.
לייבל האָט מער שוין נישט גערעדט. גערעדט האָט דער טאַטע, געדיכט און הויך און אַז איטשע האָט זיך אויסגעדרייט, האָט ער געזען אַז לייבל איז גאָר נישטאָ, אוועק.
— וואו איז ער דער יינג? — האָט איטשע געפרעגט אַ צעטומלטער, ווי עס וואָלט דאָ איצט כישוף געשען, ווייל ער האָט נישט באַמערקט לייבלס אוועקגיין.
— איטשע, וואו איז ער געגאַנגען, לייבל? — האָט זלאָטע־לאה געפרעגט פון קיכל אַרויס. — ער האָט דאָך נאָך נישט געגעסן.

***

איטשע איז געגאַנגען מיט אַ שווער האַרץ. ער גייט דאָך עפּעס צו זיין ברודערל. אַ געדאַנק האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז ער זאָל נישט גיין, אָבער ער איז געלאָפן דעם זלמנען אויסזידלען ווי עס קומט אים און זיין יינג, לייבלען, אים אויספּאַטשן און אַהיים יאָגן.
אוודאי, אַז ער איז געשטאַנען שוין ביי דער טיר האָט זיין האַרץ גוט געטיאַכקעט, אָבער געעפנט האָט ער זי און מיט גבורה . . .
— לייבל איז דאָ?
דאָס האָט ער געפרעגט אַן אשה. מסתמא איז זי דעם זלמנס ווייב.
— ניין — האָט די אשה געענטפערט.

— איר זענט זיין טאַטע ? — האָט די אשה איצט אים געפרעגט — קומט אַריין. וואָס דאַרפט איר ריידן פון דרויסן ?

איטשע איז געבליבן שטיין אין דער אָפענער טיר. ער איז נישט געגאַנגען.

— ער איז דאָ געווען ? ער קומט ? — האָט איטשע קלאָר געפרעגט.

— אַ שאלה ! ער קומט דאָ יעדן טאָג, לייבעלע. וואו ער איז איצט ? איצט איז ער געגאַנגען, וואו דער פעטער האָט אים געשיקט, אין באַנק, אין מאַגיסטראַט. עס איז מיט אים זייער גוט.

— ברוך הבא, איטשע — איז געקומען אַ קול פון אונטער איטשעס פלייצעס.

עס איז געווען זלמן.

— וואָס שטייסטו אין טיר ? — האָט זלמן אים געפרעגט — קום אַריין אינעווייניק.

— וואו איז ער, מענדל ?

— ער איז דאָ, ער איז דאָ. וואָס איז ?

— וואָס זעסטו עפּעס אויס אַזוי שלעכט ? ביסטו נישט געזונט ? — האָט זלמן געפרעגט.

—וואו איז ער, לייבל ? — האָט איטשע ווידער אַמאָל געפרעגט.

— ער איז דאָ, ער איז דאָ — האָט זלמן אים באַרואיקט.

— אַזאַ זאַך ! אַזאַ זאַך !

— וואָס איז ? — האָט זלמן געפרעגט.

— וואָס טוט ער ביי דיר ? —האָט איטשע געפרעגט מיט פּרעטענזיע, נישט קוקנדיק צו זלמנען.

— אַזוי איז עס היינט, לייבל איז דען אַ קליין קינד ?

— ווען וועט ער דאָ זיין ? — האָט איטשע געפרעגט.

לייבל איז פּונקט אַריינגעקומען. דערזעענדיק דעם טאַטן, איז ער געבליבן שטיין אַ צעטומלטער.

— לייבל, דו וועסט מיט מיר איצט אַהיים גיין — האָט איטשע גאַנץ שטרענג געזאָגט.

— איך וועל זיין ביי דיר שפּעטער — האָט לייבל געענטפערט.

— נישט שפּעטער, נאָר איצט.

איטשע איז אַוועק. ער איז געווען אַ ביסל איינגעבויגן. לייבל האָט וויטאַגדיק אים נאָכגעקוקט. ער איז געווען ווייס ווי קרייד.

***

איטשע האָט זיך געמאַטערט לעבן זיינע תלמידים. זיי וויסן דאָך נעבעך גאָרנישט פון דעם, וואָס ער האָט מיט זיי געלערנט. איטשע האָט שוין נישט, ווי אַמאָל, געשריגן אויף זיינע חדר־ייִנגלעך. ער האָט פּראָסט־פּשוט פאַר זיי מורא געהאַט. דאָס איז קיינמאָל נישט געווען. די ייִנגלעך אין שטאָט האָבן עס פאַנאַנדערגעפויקט, אַז ער, איטשע איז אַ שלעכטער מענטש . . . און ער האָט שוין ניט געפילט קיין כוח צו שרייען. ער איז שוין נישט געווען דאָס וואָס אַמאָל.

— דאָס האָב איך שוין געהערט — האָט איטשע צו זיי גערעדט, כמעט ווי געבעטן זיך ביי זיי, אָבער וואָס ווייטער?

וואָס ווייטער האָבן זיי נישט געוואוסט קיין איין וואָרט. זיי האָבן גאָרנישט געדענקט.

— דאָס האָב איך דאָך שוין איין מאָל געהערט, אָבער ווייטער, וויי־טער . . .

אָבער דאָ איז דאָס לערנען אַ ביסל געוואָרן געשטערט. עס איז אַריין דער בריוו־טרעגער. אַריינגעוואָרפן אַ בריוו. אַ בריוו? איטשע האָט גאָרנישט געדענקט די צייט, ווען ער האָט אַמאָל דערהאַלטן אַ בריוו, פּונקט ווי ער האָט נישט געדענקט די צייט, ווען ער האָט אַמאָל זיך געמאַכט אַ נייע קאַפּאָטע.

די תלמידימלעך האָבן אָפּגעאָטעמט. דער רבי לייענט אַ בריוו, זאָל ער לייענען.

— איטשע, וואָס איז עס פאַר אַ בריוו? — האָט זלאַטע לאה געפרעגט פון קיך אַרויס.

—באַלד — האָט איטשע געענטפערט.

—פון וועמען איז עס דער בריוו? — האָט זלאַטע לאה אַ צווייטן מאָל געפרעגט.

—נו, באַלד — האָט איטשע געענטפערט.

איטשע האָט געלייענט לייבלס בריוו וואָרט ביי וואָרט, שורה ביי שורה און אין בויך איז געווען אַ גרימעניש.

„לאהובי אבי (צו מיין ליבן טאַטן)

הנה, זיי וויסן, אַז מיר, איך און מיין כלה, פאָרן היינט אַוועק קיין אויסלאַנד. דאָס איז נישט כפי רצוני (לויט מיין ווילן) נאָר כפי רצונך (לויט דיין ווילן) ווייל דו ביסט קעגן דעם שידוך. וואָלסט דאָך זיכער נישט געקומען צו די תנאים און צו דער חתונה אַוודאי נישט. איך גריס אַלע האַרציק

בנך, לייבל".

— וואָס זאָגסטו גאָרנישט, איטשע? — איז זלאַטע לאה אַריין אין חדר מיט אַ ירגזון — וואָס איז עס פאַר אַ בריוו?

— קום! — האָט איטשע אַ געשריי געטאָן.

— וואָס שטייסטו ווי אַ בהמה?! — האָט ער געזאָגט צו נתנען, גע־גאַנגען.

די תלמידים זיינען קודם אַרויס פון חדר. זיי האָבן דערשמעקט אַ שטור־רעם. איטשע און זלאַטע לאה און נתן זיינען אַרויס פון שטוב, פאַרשלאָסן די טיר און געלאָזט זיך אין אַ געלויף.

— איטשע, איך האָב נישט קיין כוח צו לויפן. שטיי אַ רגע. וואָס איז דאָס געלויף? זאָג מיר, וואָס איז דאָ געשען?

— ער פאָרט דאָך אַוועק קיין אויסלאַנד — האָט איטשע גערעדט מיטן גאַנצן כוח.

— ווער? אַ קלאָג צו מיין קאָפּ.

— לייבל, לייבל, לייבל. ער מיט זלמנס מיידל. געשווינד!

זלאַטע לאה איז געבליבן אינגאַנצן אָן כוחות. דאָס פּנים — קאַלך, אָבער איטשע האָט געיאָגט, מען זאָל זיך אונטעראיילן, איז מען געלאָפן.

— ניט שרייען, נישט פילדערן! — האָט איטשע געוואָרנט.

איטשע איז אַריין דער ערשטער און נאָך אים זלאַטע לאה און נאָך איר נתן.

אינעווייניק האָט עס אויסגעזען ווי געטראָפן אויף אַ שמחה. אַלע דאָרט האָבן זיך געפרייט. מען האָט געלאַכט פון פרייד און נחת. איטשע איז אָבער געווען אויפגערעגט. איין קלייניקייט, זיין לייבל פאָרט היינט אַוועק אויף

שטענדיק, אויף אייביק. עס האָט אים נאָך אויפגערעגט אויף דער פרייד דאָ, „וואָס איז מיט זיי די שמחה״!

— זלאַטע לאה, נתן — אָט איז מיין ברודער זלמן, זיין ווייב און זייער טאָכטער. — ער האָט אויך געלאַכט צו זיי, אָבער דאָס איז געווען אַן אַנדער געלעכטער, גיכער אַ שמייכל צום שטאַרקן, אין וועמען עס געווענדט זיך, אַז זיין קינד זאָל נישט אַוועקפאָרן.

זלמן און טויבעלע, זיין ווייב און זייער כלה־מיידל, שפרהלע האָבן די געסט אַרומגענומען מיט שמייכל און מיט פרייד, אַזעלכע טייערע געסט, אַזעלכע געסט!

— זעצט זיך, זעצט זיך!

— טויבעלע! — האָט זלמן גערופן זיין ווייב, זי זאָל ברענגען צום טיש. ער האָט געלאַכט ווי די גדולה וואָלט אים באמת געווען, וואָס די געסט, די מחותנים זיינען געקומען.

— שפרהלע! — האָט טויבעלע גערופן איר טעכטערל מיט אַ האַרציק געלעכטער, — זיי נישט צעחושט.

— וואָס, זי איז צעחושט? — האָט זלמן זיך געהאַלטן ביי די זייטן — שפרהלע האָט זיך ספּעציעל געפרייט מיט נתנען.

— לייבעלע — האָט שפרהלע גערופן — דיין ברודער איז אינגאַנצן מיטן אויסזען ווי דו.

איטשע און זלאַטע לאה זיינען געשטאַנען צעטומלט. עס האָט זיי געהויבן דער צו שטאַרקער גערויש, צו שטאַרק! די צו גרויסע פרייד און געלעכטערלעך, צו פיל!

— לייבל, — האָט איטשע אָנגעכאַפּט זיין זון, דעם חתן־בחור — זאָג מיר כאָטש איצט, אַז מיר זיינען געקומען צו די תנאים, אַז דו וועסט נישט אַוועק פון אונז, חלילה, נאָר נישט אַוועקפאָרן, זאָגסט מיר דאָס צו?

—איך זאָג עס דיר צו, טאַטע — האָט לייבל געענטפערט.

— נתן שוטה, וואָס איז עס פאַר אַ וויינען?! מיר זיינען געקומען זיך פרייען.

— פע, עס איז נישט שייך, נתן — האָט דער פעטער זלמן אים אויס־געמוסרט — אַז מען קומט צו תנאים איז נישט דאָס אָרט צום וויינען.

—אַלזאָ, זלמן, לאָמיר זיך אָוועקזעצן. — האָט איטשע אַ זאָג געטאָן צום ברודער און מחותן.

איטשע האָט אַרונטערגענומען דאָס היטל פון קאָפּ, געבליבן בלויז נאָר מיט דער יאַרמלקע. עס איז אים געוואָרן אַ סך גרינגער אין קאָפּ. ער האָט איצט זיך אַרומגעקוקט אין זיין ברודערס דירה, זיך גוט צוגעקוקט צו די מענטשן, צו זיין אייגענעם ברודער, צו זיין ווייב און צו דער כלה און האָט פון דערלייכטערונג אַ שעפּטשע געטאָן:

„געלויבט דעם השם יתברך . . .".

# די יינגסטע פון די רייכשטיינס

1

נחום רייכשטיין האָט געהאַט אַ סך קרענקונג, וואָס גאָלדעלע לעבט מיט איינריידעניש, וואָס זיינען שוין לאַנג גאָרנישט ווערט, אָבער גאָלדעלע פירט די שטוב לויט די דאָזיקע איינריידענישן.

די ערשטע איינריידעניש אירע איז געווען איר גרויסער יחוס, אַז איר טאַטע און די מאַמע און די זיידעס מיט די באָבעס און די פעטערס מיט די מומעס, זיינען אַלע געווען בלויז לומדות און חסידות, איידלקייט און שיינ־קייט, אַז איר טאַטע עליו השלום איז געווען פון די נאָענטע טיש־זיצערס ביים רבין. זי איז געווען זיכער, גאָלדעלע, אַז כאָטש טאַרלעוו איז אַ פּיצל שטעטעלע אין לובלינער געגנט, האָבן די היגע חסידים גוט געקענט איר טאַטן. ווער האָט עס נישט געקענט ר׳ זישע טאַרלעווער ?!

די צווייטע איינריידעניש אירע איז געווען, אַז זי איז זייער רייך, אַז די ירושה פון איר שווער עליו השלום, דער גרויסער הויף מיט די מויערן, איז אַן אמתע עשירות. דער הויף איז טאַקע געווען זעלטן גרויס. ער איז געווען פאַרמויערט מיט דריי צוויי־שטאָקיקע מויערן, חוץ צוויי הייזקעס און ער איז נאָך אַלץ געווען זייער טיף און ברייט. ס׳האָבן דאָרט געוואוינט אַ מענגע לאָקאַטאָרן, שיעור נישט אַזויפיל, וויפל עס האָט פאַרמאָגט איר גאַנץ טאַרלעוו און קינדערלעך, קינדערלעך זיינען אַרומגעשפּרונגען איבערן הויף. און נאָך אַ זאַך: דער הויף האָט זיך געפונען אין שפּיגל פון דער וואַרשעווער גאַס און די וואַרשעווער גאַס איז געווען דער שפּיגל פון שטאָט.

נחום האָט אָבער עפּעס מער געוואוסט ווי זיין ווייב. ער האָט געוואוסט, אַז זיין טאַטע עליו השלום, ר׳ ישכר רייכשטיין איז טאַקע געווען אַ גרויסער עושר. אַז מען האָט פאַנאַנדערגעטיילט די ירושה צווישן די יורשים איז שוין קיינער קיין עושר נישט געווען. יעדער האָט געקריגן עפּעס. אַז דער הויף, ווען ער האָט אים געקריגן איז ער געווען גענוג אַלט און איצט פאַלט

שטיקער פון די הײזער. נחום האָט נישט פאַרמאָגט אַפילו אַ העלפט פון דער סומע, װאָס עס דאַרף אָפּקאָסטן דער רעמאָנט.

נחום האָט קײן האַרץ נישט געהאַט גאָלדעלען צו זאָגן דעם רײנעם אמת װעגן אירע אײנגערײדעניש מיטן יחוס און מיט דער רײכקײט. גאָלדעלע אָבער האָט, צוליב די דאָזיקע צװײ אײנרײדענישן, שױן געהאַט די דריטע, אַז עס װעט קומען דער טאָג, און זי זעט אים שױן דעם טאָג, װען עס װעלן זיך דאָ באַװײזן די ערשטע שדכנים מיט די שענסטע און בעסטע שידוכים פאַר אירע קינדער. פון די אַלע, װעט זי די מאַמע, אױסקלײבן די ריכטיקסטע, די פײנסטע. זי האָט זיך געגרײט. זי האָט אירע טעכטערלעך אָפּגעצערטלט און אָפּגעבלאָזן. זי האָט געהאַלטן אין אײן פּוצן אירע גרױסע זיבן צימערן. די דילן האָבן זײער שטאַרק געגלאַנצט. דאָס מעבל איז געװען באַדעקט מיט ציכן, אָבער װען עס װעט קומען די ריכטיקע צײט װעט מען די ציכן אַרונ־טערנעמען. זי איז דעם גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען מיט בערשטלעך און טיכלעך, גערײניקט און געפּוצט. זי האָט זיך געגרײט . . .

***

גאָלדעלע האָט געהאַט צװײ קינדער, צװײ מײדעלעך. זלאַטקע און עטעלע. זלאַטקע זעקס יאָר און עטעלע פינף. בײדע זײער שײנע. זלאַטקע אַ העלע און עטעלע אַ טונקעלע. בײדע הױכע און חנװדיקע און דעליקאַטע. װאָס פאַר אַ װאָרט, יעדע פון זײ, האָט אַרױסגעזאָגט, איז בײ דער מאַמעשי געװען אַ גרױסע חכמה. גאָלדעלע האָט נאָר געשמײכלט צו זײ און זײ כסדר אָפּגעשפּראָכן: „קײן עין הרע, קײן עין הרע". פונדעסטװעגן האָט גאָלדעלע שטאַרק געװאָלט, אַז דאָס דריטע קינד, מיט װעלכן זי מעוברת, זאָל זײן אַ ײנגל, אַ נאָמען נאָך איר טאַטן זכרונו לברכה און טאָקע אַ קדיש אױך. עס איז איר געגאַנגען אין לעבן. גאָלדעלע האָט אָבער געבוירן אַ מײדעלע, אַ דריט מײדל. אַ נאָמען האָט מען געגעבן דעם קינד חנה, אַ נאָמען, אַ פאָן פון איר משפחה. אױסער װאָס איר באָבע, דער מאַמעס מאַמע האָט געהײסן חנה, האָבן עטלעכע אירע מומעס און עלטער־מומעס געהײסן חנה.

גאָלדעלע האָט אָבער געהאַט עטלעכע עגמת נפשן. דאָס ערשטע, װאָס גאָלדעלען האָט זיך געװיזן, אַז חנהלע איז נישט אַזױ שײן װי זלאַטקע

און עטעלע, אַז איר נעזעלע איז צו לאַנג און אַז אירע קין־בעקעלעך זיינען צו שפּיציק. ס׳האָט גאָרנישט געפֿעלט, וואָס מען האָט איר דאָס אויסגע־רעדט, אַז פאַרקערט, אַז חנהלע איז גאָר אַ שיינע. אַנדערע ווידער האָבן זיך אויסגעלאַכט. זיי האָבן געזאָגט, אַז אויף אַזאַ פּיצעלע קינד קען מען קיין מבין נישט זיין. דאָס אַלץ האָט אויף גאָלדעלען גאָרנישט געווירקט. זי האָט זיך געהאַלטן ביי אירס. מען האָט איר נישט איינמאָל אָפּגעהאַלטן פון פאַנאַנדערווייינען זיך . . . אָבער ערגער איז ביי גאָלדעלען געווען, וואָס דאָס קינד האָט צו אָפט געוויינט און עפּעס מאָדנע געוויינט, נישט קיין געוויין פון אַ קימפּעט־קינד, נאָר אַ קוויטש. מען האָט פון אָנהויב זיך גוט דערשראָקן. דער דאָקטאָר האָט דאָס אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, נישט געוואָלט וועגן דעם ריידן, אָבער גאָלדעלע האָט נישט געלאָזט צו זיך ריידן. זי געדענקט דאָך די קימפּעטן מיט זלאַטקען און מיט עטעלען. קיין פאַר־גלייך נישט . . . און וואָס עלטער חנהלע איז געוואָרן אַלץ „בעסער״ האָט זיך זיך געוויזן. זי האָט אַלץ געוואָלט אין הענטל, און זי האָט עס געוואָרפן אין דיל און וואָס מער עס איז צעשמעטערט געוואָרן, וואָס העכער עס איז געווען דער קלאַפּ, אַלץ מער האָט דאָס קינד זיך געפרייט. נישט געבן, איז נישט געווען מעגלעך, האָט זי ווידער געמאַכט שרעקלעכע קולות. אַז חנהלע איז געוואָרן נאָך אַ ביסל עלטער, האָט זי שוין נישט געוואָלט ליגן אין וויגל. עס איז איר בעסער געווען, אַז די מאַמע זאָל איר טראָגן אויפן האַנט. זלאַטקען און עטעלען האָט זי נישט געוואָלט. מיט אירע נע־געלעך האָט זי זייערע שיינע פּנימער צעדראַפּעט . . . זי האָט זיי אַלע פאַר־מאַטערט. ווי זיי האָבן עס אויסגעזען! גאָלדעלע האָט זיך זייער געשראָקן. זי איז צו אַזעלכעס נישט געווען צוגעוואוינט. און ווי חנהלע האָט אָנגעהויבן אַרומגיין, האָט זי געוואָלט אַראָפּ אין הויף. די קינדערשע שטימעלעך פון דרויסן האָבן איר שטאַרק גערייצט. עס איז געווען מיט איר אַ שווער לעבן. די מאַמע האָט דאָך איר נישט געלאָזט. זי האָט איר צוגעהאַלטן. זלאַטקע און עטעלע האָבן דער מאַמען גאָרנישט געקענט העלפן, ווייל, חנהלע האָט זיי צעמזיקט.

זי האָט מיט די נעגל זייערע שיינע פּנימער צעבלוטיקט . . . גאָלדעלע האָט איצט שוין איצט ריכטיק געזען, אַז חנהלעס פּנים איז שאַרף אַנדערש פון אירע שוועסטערס. זלאַטקע און עטעלע זעען דאָך אויס ווי מלאכים,

אָבער חנהלעס פּנים איז בײז, װי בײ אַ רשע . . . אַז זי איז אַלט געװאָרן דריטהאַלבן יאָר. זי איז געװען העכער לויט איר עלטער. איר נאָז איז שוין געװען אַ סך שאַרפער. זי איז נישט אָפּגעטרעטן פון דער טיר. אויף איר פּנים איז געװען אַזאַ אײַנגעשפּאַרטקייט, אַז זײ האָבן מורא געהאַט צו איר צו־גיין . . . גאָלדעלע האָט פּשוט פאַרן קינד געװײנט. זלאַטקע און עטעלע, זײנען נאָך ביז הײנט אין הויף נישט געװען. די הויף־קינדער זײנען ברודיק, די הויף־קינדער זײנען צעלאָזן. חנהלע האָט אָבער אַזוי לאַנג געלאָקערט ביז זײ זײנען נײַשט געװען און זי איז אַראָפּ. גאָלדעלע און אירע צװײ פּרינצעסקעס האָבן געמאַכט אַ שװײַג. זײ האָבן זיך געשעמט.

די קינדער אין הויף האָבן חנהלען אויפגענומען זײער שײן. זײ האָבן זיך צו איר דערנענטערט מיט דרך־ארץ. זײ האָבן איר געפרעגט װי זי הייסט. „חנהלע". אויף װעלכן שטאָק װאוינט זי? „אויפן צװײטן". אָבער אַז עס איז געװאָרן טונקל. די נאַכט האָט אַראָפּגענידערט. חנהלע האָט מורא גע־האַט אַרויפצוגיין אין שטוב און מורא געהאַט צו בלײַבן אין הויף. אין שטוב זײנען זײ אויך געװאָרן אומרואיק און מען האָט שוין גערעדט, װער עס זאָל אַראָפּגיין, איז חנהלע אַרײַנגעקומען צוזאַמען מיטן טאַטן. זי האָט זיך אויף אים דערװאָרט. זי האָט אים אויסגעקוקט. נחום האָט געלאַכט אין זײן שװאַרצער באָרד אַרײַן. חנהלע האָט אים שוין דערציילט די גאַנצע מעשה. די מעשה איז זײער אַ שײנע. ער האָט חנהלען אַװעקגעשטעלט אויף אַ שטול און האָט איר געהייסן דערציילן. זי האָט דערציילט, װי שלעכט זײ זײנען. זײ האָבן איר געשלאָגן. טרערעלעך האָבן געבליצט אין אירע אויגן.

— אין הויף איז גוט, חנהלע? — האָט דער טאַטע געפרעגט

— יאָ! — האָט דאָס קינד געענטפערט.

— זאָל איך אויך זײן אין הויף? — האָט דער טאַטע געלאַכט.

חנהלע האָט געשמייכלט. דער טאַטע האָט איר געקושט און זי האָט געקושט דעם טאַטן. נחום האָט געשמייכלט פון דער גאַנצער מעשה. ער האָט חוזק געמאַכט פון גאָלדעלען, װאָס לאָזט נישט בשום אופן, אַז דאָס קינד זאָל זײן אַ ביסל אין הויף . . . ער איז שוין געװאָרן אין כעס: „זי האָט דאָך די עלטערע קינדער אַזוי געכאָװעט, נישט זײן אין דרויסן" . . .

נחום האָט זײן װײַב נישט ליב געהאַט פון דער חופּה אָן. עס האָט

אים שטענדיק פאַרדראָסן אויף זיין מאַמען, וואָס זי האָט זיך איינגעשפּאַרט נאָר אויף גאָלדעלען. גאָלדעלע איז געווען עפּעס מיט אַזאַ איינרייִדעניש, ווי זי וואָלט געווען די שענסטע און די טייערסטע און אַז ער דאַרף איר כסדר איבערבעטן און כסדר דאַנקען.

גאָלדעלעס אויגן זיינען געווען פאַרווייַנט. קוקנדיק אויף דער מאַמעשי זיינען די צוויי „פּרינצעסקעס" געווען זייער טרויעריק. זיי האָבן נישט אַראָפּגעלאָזט זייערע שיינע אויגן פון דער מאַמעשי. און דער טאַטע האָט געקושט חנהלען . . .

***

גאָלדעלע מיט נחומען זיינען פון אָנהויב אָן נישט געווען אַזאַ טייערער זיווג. ער האָט איר נישט געליטן, אָבער אויך זי האָט אים נישט געליטן. זי האָט עס בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס איר פאָטער עליו השלום, דער גרויסער חכם און דער גרויסער חסיד האָט עס דערזען אין דעם נחומען. זיין טאַטע עליו השלום, איר שווער, ר' ישכר רייכשטיין איז טאַקע, חוץ עושר, געווען אַ שיינער ייד, אָבער בשום אופן נישט נחום. ער איז אינגאַנצן נישט געראָטן אין זיין טאַטן. זי האָט אים נאָך נישט געזען האַלטן אַ ספר אין האַנט. זי האָט נאָך נישט פון אים געהערט קיין תורה־וואָרט. זי האָט נאָך נישט געזען אַז ער זאָל דאָ אַריינבעטן אויף קידוש אַ פּאָר יידן פון „שטיבל". דערפאַר „צופּט" ער זיך דאָס בערדל, עס איז אים צו גרויס אין די אויגן.

און נחום ווידער האָט נישט נאָר נישט געליטן גאָלדעלען, נאָר אויך די צוויי עלטערע מיידלעך, זלאַטקען און עטעלען, טאַקע צוליב גאָלדעלען. זי האָט זיי אַזוי אויסגעשטעלט, אַז זיי האָבן פאַרלוירן דעם חן, וואָס איז אויף זיי געווען, ווען זיי זיינען געווען גאָר קליינע. זיי זיינען היינט, לויט אים, צוויי גולמס און וויפל מאָל ער האָט וועגן דעם גערעדט מיט גאָלדעלען, האָט זי געוויינט אויף זיין גראָבקייט . . .

***

עס האָט קיינער אין שטוב שוין מער נישט חנהלען געשטערט. זי איז געווען אַ פּאָר־זיכדיקער מענטש. זי האָט זיי, דער מאַמען און די שוועסטער

גאַרנישט געפרעגט און זײ האָבן איר גאָרנישט געזאָגט. זי האָט געהײסן בײ זײ „שטיק רשע", „בײזער װאָרעם". זי איז אויסגעװאַקסן העכער, ברײ־טער און מיט אַ פאַרברױנט פּנים. זי האָט זיך אַלײן געװאַשן און געקעמט, אַלײן זיך איבערגעטאָן און אַראָפּגעגאַנגען אין הויף, װען זי האָט געװאָלט און אַרױפגעקומען אין שטוב, װען זי האָט געװאָלט. און זײ האָבן צו איר נישט גערעדט און זי האָט צו זײ נישט גערעדט.

און זינט זי גײט אַראָפּ אין הויף איז חנהלע, חוץ װאָס זי איז העכער און ברײטער געװאָרן, האָט זי געקריגן אַ שטאַרקן אַפּעטיט צום עסן. זי האָט געגעסן װי אַ דערװאַקסענער מענטש. אין „זײערע" אויגן האָט זי אויסגעזען זײער אַ פּראָסט קינד, װי פון אַ פּראָסטער און אויסגעהונגערטער שטוב . . . און נחום פלעגט בײם טיש גלעטן זײן קינד, זײן חנהלען, װאָס איז אים געפעלן טויזנט מאָל בעסער װי די צװײ עלטערע מײדלעך מיט זײער מאַמע צוזאַמען...

***

חנהלע איז בײ די קינדער אין הויף געװאָרן זײער אָנגעזען. בײ יעדער שפּיל איז זי געװען די עלטסטע. די קינדער האָבן איר געקוקט אין די אויגן. חנהלע איז בײ זײ געװען די קלוגע און די „ברענענדיקע". איר שטימע האָט מען דעם גאַנצן טאָג געהערט איבערן הויף, אין אַלע שטובן. זי האָט קאָמאַנדעװעט. און סײ גאָלדעלע סײ זלאַטקע אָדער עטעלע האָבן זיך נישט דערלויבט אַראָפּצוקוקן. זײ האָבן זיך נישט געװאָלט װײזן, אַז זײ האָבן עמעצן צװישן די קינדער אין הויף. חלילה . . . אָבער די קינדער אין הויף האָבן שוין יאָ געװאוסט, אַז חנהלע איז דעם װירטס מײדעלע. זײ האָבן דאָך שוין װיפל מאָל געזען אָנקומען דעם װירט און װי ער קושט חנהלען, נעמט איר בײ דער האַנט און גײט מיט איר אין שטוב אַרײן. די קינדער האָבן דערפאַר חנהלען געפרעגט:

— פאַרװאָס זײנען דײנע שװעסטער קײנמאָל נישט אַראָפּגעקומען זיך שפּילן אין הויף, זײ זײנען קראַנק?

חנהלע האָט געשמײכלט, אויסגעדרײט דעם קאָפּ, װי זי װאָלט דערמיט געזאָגט: „װײס איך װעגן זײ?..."

2

גאָלדעלע און אַזוי זלאַטקע און אַזוי עטעלע, האָבן עפּעס נישט געהערט פון הויף חנהלעס שטימע. עס האָט זיי באַאומרואיקט. זיי האָבן פון די ווינקלען אַרויסגעקוקט. זיי האָבן איר טאָקע נישט געזען. זיי זיינען געווען אויפגערעגט. גאָלדעלע איז אַ מאַמע און די מיידלעך — שוועסטער. אַראָפּגיין איז זיי געווען צו שווער . . . אָבער עפּעס אַ שמחה אין הויף, ווי מיט טרומייטן און פּויקן. האָבן זיי ווידער זיך אַריינגערוקט אין די ווינקלען, פון דאָרט אַרויסגעקוקט צום הויף . . . ייִנגלעך און מיידלעך טאַנצן און זי, חנהלע איז אין דער מיט . . . עס איז זיי טאָקע נישט גוט געוואָרן פון אַזאַ טאַנץ, אָבער וואָס איז די פרייד ?

נחום איז דאָ, ער פירט מיט זיך „זיין" טאָכטער. ביידע שיינען ווי דער מאָרגנשטערן און עפּעס אַ פּעקעלע אין טאַטנס האַנט. ער זעט אויס, דער טאַטע, ווי ער וואָלט איצט געקויפט ערגעץ כאָטש נאָך אַ הויז . . .

עס האָט „זיי" באַלד אויסגעזען, אַז ער איז געקומען זיך מיט זיי רייצן. זיין געלעכטערל, זיינע צעפינקלטע אויגן. זיין טונקל רויטלעך פּנים האָט געשטראַלט און זיין שוואַרצע באָרד האָט זיך פריידיק געהויבן. און ער האָט אַרויסגעפּלאַצט :

— שעמען קענט איר זיך, מיידן גרויסע. זעט ! איר זעט דאָס פּעקעלע ? דאָס זיינען ביכלעך און קאַיעטן (העפטן). זי האָט מיך אָנגעפּירט אין דער שקאָלע, איך זאָל איר פאַרשרייבן. זי איז דאָרט פון הויף נישט געווען די איין און איינציקע. כמעט אַלע געווען און מיט זייערע עלטערן. שעמען קענט איר זיך . . .

חנהלעס גרויסע ברוינע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן אין „זייער" זייט, ווי זי וואָלט וועלן זען, ווי זיי זעען איצט אויס. און חנהלע האָט אויך געמאַכט אַ פּאָר מינעלעך אין איר פּנים פון גרויסן זיך. טרערן זיינען געשטאַנען אין די אויגן פון ביידע שוועסטער, פון זלאַטקען און פון עטעלען. זיי האָבן מיט זייערע טרערן געקוקט צו דער מאַמעשי. וויפל מאָל זיי האָבן איר געבעטן, זי זאָל זיי פאַרשרייבן אין שקאָלע און גאָרנישט . . . פון אָנהויב האָט די מאַמעשי גאָרנישט געענטפערט. דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן אָפּלעגן. זלאַטקע איז שוין דרייצן און עטעלע קנאַפּע צוועלף . . . זיינען זיי אַזוי געשטאַנען קעגן

דער מאַמען און ביטער געוויינט. די מאַמעשי האָט זיך געדרייט, געדרייט, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט אין זיך איינטוליען, אַז מען זאָל איר נישט זען און זי זאָל גאָרנישט דאַרפן ענטפערן . . .

פון הויף זיינען געגאַנגען פריילעכע קולות. מאָרגן הייבן זיי אָן צו גיין אין שולע.

⁂

רייכשטיינס הויף איז איצט געווען דער צונויפקום־פּלאַץ פאַר זייער אַ סך יונגע שילער מיידלעך און ייִנגלעך פון פאַרשיידענע שולן און פון אַ סך אַנדערע הייף. רייכשטיינס הויף איז געווען אַ זעלטן גרויסער הויף, וואָס האָט זיך געצויגן אין דער טיף פון דער וואַרשעווער ביז דער דלוגע. כאָטש ער איז געווען געענוג פּאַרמויערט איז ער געווען גרויס און ליכטיק און אין וועלכן אַנדערן הויף זיינען עס געווען אַזוי פיל קינדער? און אין וועלכן הויף איז עס געווען נאָך אַזאַ חנהלע? זי איז גאָרנישט געווען שיין, דאָך זיינען איר נאָכגעלאָפן אַלע קינדער, סיי מיידלעך און סיי ייִנגלעך. זי איז געווען אַ „ברענערקע". ענערגיע האָט אין איר געברענט. זי האָט נאָר ליב געהאַט, עס זאָל פריילעך זיין.

די עלטערע קינדער האָבן וויטער געפירט פאַרשיידענע שפּילן, אַפילו דאָס לויפן פון וואַנט צו וואַנט, אַ גרויסע שטרעקע און ווער עס איז צוגע־קומען דער ערשטער האָט געקראָגן דעם אמתן „בראַוואָ", אָבער מען שפּילט אויך אַנדערע שפּילן, העכערע שפּילן. יעדן טאָג זיינען די קינדער געקומען מיט נייעסן, דאָס אַלץ צו חנהלען. אָט האָט מען געשפּילט צו טרעפן דעם צווייטנס געדאַנקען. עס איז געווען אַ גאַנצע קונץ. אָט האָט מען געזונגען פאַרשיידענע לידער. טאַטעס און מאַמעס זיינען געשטאַנען אַרום, געהאַט הנאה פון די אַלע זאַכן. ביי גאָלדעלען אין שטוב איז מען נישט געשלאָפן. גאָל־דעלען האָט געפייניקט, וואָס עס וואַקסט אין איר שטוב אויף אַ מויד, וואָס וועט די וועלט איבערדרייען . . . עס האָבן זיך איר געחלומט מאָדנע פינצ־טערע חלומות. זלאַטקען און עטעלען האָט געפייניקט, וואָס די מאַמעשי האָט זיי נאָך נישט פאַרשריבן אין שקאָלע. נחומען האָט ווידער געפייניקט, וואָס ער האָט אַזאַ וויב מיט אַזעלכע צוויי מיידן. נאָר חנהלע איז גוט געשלאָפן . . . זי איז גוט געשלאָפן נאָך אַזאַ טאָג מיט שווערער אַרבעט . . .

⁂

גאָלדעלע האָט אירע צוויי „פּרינצעסקעס“ אַריינגערעדט וועגן דער גרויסער אַחריות, וואָס זיי נעמען אויף זיך מיט זייער גיין אין שקאָלע, אַפילו ווען עס איז נאָר אַ מיידל־שקאָלע . . . עס זיינען פאַראַן גוטע וועגן און שלעכטע וועגן און כלעריליי שטרויכלונגען דרייען זיך אַרום איבער די וועגן... זי האָט זיי צום סוף אָנגעזאָגט: „איר זאָלט געדענקען, קינדער, ווער איר זענט. דאָס איז דער עיקר . . .“ זי האָט זיי אַרויסבאַגלייט פון שטוב מיט אַ סך ווינטשעוואַניעס.

עס האָט אויסגעזען אַז זלאַטקע און עטעלע גייען אַזוי געאָרעמט. עס איז נישט געווען געאָרעמט, זיי זיינען נאָר אַזוי געגאַנגען נאָענט איינער צום אַנדערן. דאָס איז אויך געווען צוליב דער מורא פאַר די וועגן . . . זיי האָבן נישט געקוקט, נישט אויף רעכטס און נישט אויף לינקס. זיי האָבן געקוקט גלייך . . . זיי האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף קיין האַלבע סעקונדע. זיי זיינען געגאַנגען . . . פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן זיי יאָ געטראָפן שטרויכלונגען אין וועג, וואָרן וועמען טרעפט עס נישט? אָבער זיי זיינען דאָס אַלץ גליקלעך פאַרביי. אָט איז זיי אָנגעקומען, ממש אין די אויגן אַריין אַ ייִנגאַטש, אָדער זיי האָבן דערהערט מאַנספאַרשויניִשע טריט זיי נאָכגיין. זיי האָבן זיך גאָרנישט אומגעקוקט, זיך זייער וועג געגאַנגען, גלייך געגאַנגען... זיי האָבן געדענקט, ווער זיי זיינען . . .

3

חנהלע איז אויסגעוואַקסן אין דער הויך און אין דער ברייט. די שפּיציקע קינס פון אירע באַקן און די לענגלעכע נאָז האָבן געגעבן שאַרפקייט איר פּנים. אין די אויגן פון איר מאַמען און אַפילו פון אירע צוויי שוועסטער האָט חנהלע געהאַט אַ פּנים פון אַ זעלנער . . . גאָלדעלע האָט זיך גאָרנישט געקענט צוגעוואוינען צו אַזאַ טאָכטער, מיט אַזעלכע פרייע אויגן, מיט אַזאַ שאַרפקייט אין פּנים פון אַ בעל העזה, פון אַ צו־להכעיסניק... און זי האָט געגלויבט, גאָלדעלע, אַז צוליב דער דאָזיקער מויד, זיצן אירע צוויי טעכטערלעך און גאָרנישט . . . זלאַטקע איז שוין איין און צוואַנציק יאָר און עטעלע

קנאַפּע צוואַנציק. אַמאָל האָט גאָלדעלע געהאַט דעם חלום, זי געדענקט דאָס זייער גוט, אַז עס וועלן קומען און קומען שדכנים מיט די שענסטע און בעסטע שידוכים און זי וועט אויסקלייבן פון זיי דאָס בעסטע . . . זיכער, אַז די מויד איז אין דעם שולדיק און נישט ווייניקער נחום. ער האָט זיך גיכער צוגעבויגן צו חנהן, נאָכגעגעבן אַלע אירע שטיק און זיינע צוויי טייערע קינדער האָט ער פאַרנאַכלעסיקט, ער האָט זיין שטוב פאַרנאַכלעסיקט... די שטאָט איז גאָרנישט בלינד. מען זעט אַלץ וואָס עס קומט פאָר ביי די רייכשטיינס . . . וואָס צו טאָן? האָט גאָלדעלע זיך שוין מודה געווען, אַז זי ווייסט נישט . . .

***

אַזוי כסדר. אָדער זלאַטקע, אָדער עטעלע האָט דער מאַמעשי געוויזן מיטן פינגער צום הויף. און וואָס האָט די מאַמעשי געהאַט צו צוגיין? איינ־נעמען נחת? זי ווייסט שוין גאָלדעלע. זי האָט זיי שוין געזען, חנהן מיטן יינג, אַ יינג מיט אַ „גזשיוועקע" . . . שוין געזען.

***

זלאַטקע און עטעלע האָבן געגרייט צום אָוונט־ברויט. מען האָט זיך גע־ריכט אויף די „גוטע" מענטשן, אויפן טאַטן מיט זיין טעכטערל.

מען האָט געהערט טריט פון די טרעפּ, אַ סך טריט, שווערע טריט. די מאַמע מיט די טעכטער האָבן זיך אָנגעקוקט. די טיר האָט זיך געטאָן אַ פּראַל־אויף. ס'איז טאַקע אַריין ער מיט זיין טעכטערל און אויך מיטן יינגל... עס איז געוואָרן איבער דער שטוב אַזאַ ספּאַזמאַטיש געיעג. זלאַטקע מיט עטעלען זיינען נעבעך אַנטלאָפן, זיך אָפּגעשלאָסן אין אַ צימער און זיך גע־האַלטן ביי די הערצער . . .

גאָלדעלע איז נעבעך געשטאַנען ווי אַ טומטם, ווי זי וואָלט גאָרנישט געוואוסט אויף וועלכער וועלט זי געפינט זיך. זי האָט געקוקט אויף איר „צרה" און נחום, דער טאַטע האָט אָנגעקוואָלן. ער האָט גערעדט מיט אַזאַ הנאה אין מויל, ווי ער וואָלט געגעסן די בעסטע מאכלים:

— ער איז דאָך איר בחור, אַ פיינער בחור. ווייסט ווער ער איז?

— ער איז פּנחס זעמשטשיקס זון. ווייסט שוין? אַ סטאָליער, דערפאַר וועט ער שוין זיין אַ געלערנטער. ער לערנט זיך פּרימא.

— איך קריג אויך בלויז „פינפן״ — האָט חנהלע זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכעלע איבער איר „געלערנטן״.

— וואו זיינען, גאָלדעלע, די מיידלעך?

גאָלדעלע האָט אויסגעזען אַ צעמישטע און זי איז טאַקע געווען צעמישט. פונקען זיינען איר געפאַלן פון דער הויך. נחום, האָט זיך איר אויסגעדאַכט, איז שיכור. זיין קאָפּ שאָקלט זיך פון שיכרות. אַז די שטוב איז איצט עפּעס אַנדערש, גאָר אַנדערש. יענע איז שוין נישטאָ. אָבער פונדעסטוועגן, אַז גאָלדעלע האָט זיך באַרואיקט, האָט זי געזען אינם יינגל, אַ פּשוט יינגל, אַן אידל יינגל, אָבער זי האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן . . . זי איז געשטאַנען און געקוקט . . .

# דער יידישער פּריץ

פּיכטע, נישט־ברוקירטע געסלעך אַרום קיילעכדיקן מאַרק. רעזשייסק. צוזאַמענגעפּרעסטע שורות אָפּגעשלאָגענע הייזלעך מיט קליינע פענצטער. יעדעס פענצטער — אַ וואויגונג מיט אַ וואַרשטאַט אינאיינעם. שוסטערס, שניידערס און קירזשנערס. באַגינען, ווען די לופט איז נאָך שאַרף און דער הימל איז נאָך גרוי, גייען שוין מענטשן אין גאַס און פון די פענצטער הערט זיך שוין „קלאַפּ", „קלאַפּ". מען אַרבעט אַזוי מיט אימפּעט און מיט אַלע כוחות. דאָס גרייט מען צו פאַרטיקע זאַכן פאַרן מיטוואָכדיקן טאָג, פאַרן מאַרק. אויף מיטוואָך שטייט רעזשייסק. דאָס איז דער איינציקער טאָג, וואָס גיט חיונה פאַר די איבעריקע וואָכן־טעג און פאַר שבת און מען מוז נאָך עפּעס אָפּלעגן אין „קניפּל". מען מוז.

אָבער שבת, נאָך דער שווערער און ביטערער וואָך. בייטאָג, נאָכן עסן און נאָכן דרעמל און אויך, אַז עס איז שיין אין גאַס, פאַרגינט מען זיך צו נעמען ווייב און קינדער און אַראָפּגיין שפּאַצירן צום פּאַלאַץ. דער פּאַלאַץ איז גאָרנישט קיין נייער. זינט רעזשייסק איז שטאָט שטייט דער פּאַלאַץ, וואָס עס האָבן אויסגעבויט די לאסאצקיס, די מיוחסדיקע לאַסאָצקיס. אָבער איצט איז דער פּריץ אַ ייד . . . עס האָט אים נאָך קיינער נישט געזען, אָבער מען ווייסט עס און מען ווייסט אויך, אַז זיין נאָמען איז שמעון שאַפּירע. אויסערגעווינלעך. קוקט מען אַריין פאַרגאַפט דורך דעם אייזן־געפלאָכטענעם פאַרקאַן. ווי דער יידישער פּריץ האָט עס אַזוי שיין געמאַכט דעם פּאַלאַץ. ער האָט דאָך שוין אויסגעזען אַ חורבה און ווי ער זעט עס איצט אויס! קודם — דער גרויסער פּלאַץ, איז פריש אויסגעפלאַסטערט מיט קלאָרינקע, ווייסינקע ים־שטיינדלעך. איצט די ברייטע מאַרמאָרנע טרעפּ. די ברייטע און גאַר הויכע פינקלענדיקע פענצטער. די זון שפּיגלט זיך אין דער העלקייט פון אויפגעפרישטן שלאָס, אין די געשלעפּענע שויבן און אין דער גרינקייט פון דאַך. מען וויל זען דעם פּריץ, ווי איר זעט אויס. זאָל כאָטש זיין די פּריצטע און אַפילו באַר אַ קינד, און גלייך מיט דער פרייד, וואָס היינט איז אין הויף אַ יידישער פּריץ, פאַרדריסט עס און מען קען עס גאָרנישט מוחל זיין דעם יינגן לאסאצקי, וואָס האָט זיך

אַזוי אויסגעשטעלט און זיך דערפירט צו דעם מצב, אַז ער האָט געמוזט פאַר־קויפן דעם הויף און פון בושה איז ער ערגעץ אַוועק קיין אויסלאַנד. די מענטשן ריידן עס דאָ, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס ער האָט נישט חתונה געהאַט. ער האָט גאָר „אַרומגעשוועבט" איבער דער גאַנצער וועלט. וואו אַ ווינקל אויף דער וועלט איז ער געווען. ער האָט פון זיין טאַטנס און פון זיידנס ירושה געמאַכט אַ וויסטן תל.

רעזשייסקער יידן שטאָלצירן, וואָס אַ ייד, שמעון שאַפירע האָט צוריק דאָס אַלץ אויפגעפרישט און באַנייט. גייט מען אַ ביסל ווייטער, זעט מען, ווי מען פאַרנעמט זיך שוין צו שניידן דעם וואַלד, ווי עס ווערט שוין צוריק אויפ־געשטעלט דער טאַרטאַק, וועט מען שניידן די ביימער אויף געהילץ און עס וועט גיין אַ לעבן. רעזשייסק וועט ווערן אויפגעריכט. מען גייט אַהיים צופרי־דענע און מיט אַ האָפענונג אין האַרצן. אַז מען זעט אַזעלכעס מיט די אייגענע אויגן, קריגט מען האָפענונגען . . .

***

יעדער רעזשייסקער ייד האָט עס געוואָלט וויסן, ווער עס איז דער פריץ שאַפירע, צי ער איז נישט אַ באַקאַנטער? מען האָט אויך געוואָלט וויסן, צי דער פריץ איז שוין אין פּאַלאַץ, אָדער ער דאַרף ערשט קומען צופאָרן. איינער האָט דעם צווייטן חושד געווען, נאָר וואָס דען? מען זאָגט נישט . . . עס האָט געהאַלטן דערביי אַז די גאַנצע שטאָט מענטשן זאָלן ווערן צווישן זיך ברוגז...

אָבער צוויי וואָכן שפּעטער האָט שטאָט אויפגעלעבט, כאָטש מען האָט דערין נישט געגלויבט. מען האָט געהערט, אַז דעם שבת צו נאַכטס וועט דער פריץ קומען אין בית־מדרש, צום סיום הספר. האָט מען געקענט אין אַזעלכעס גלויבן? אַפילו שבת צו נאַכטס האָט מען נאָך נישט געגלויבט. פּלוצלונג איז אָבער געוואָרן אַ געוואַלדיקער טומל, אַז „ער" פאָרט, אַז „ער" קומט־אָן און ס'איז געוואָרן פון אַלע הייזער אַזאַ געלויף, ממש איבער די קעפּ. און ס'איז געווען אמת. דער פריץ איז געקומען. עס איז אַרויס פון דער קאַטש זייער אַ שיינער מענטש. אַ קייזערלעך בלייך פּנים און דאָס געלע בערדל האָט גע־בליט. לעבן אים האָט זיך אַזוי נאָענט געהאַלטן מיטן פריץ אַ יינגערמאַן, האָט מען פאַרשטאַנען, אַז ער איז דעם פריצס זון און נאָך זיי זיינען אַרויס פון קאַטש

אונזערע רעזשייסקער דאָזאָרעס, דער פּרעזעס שעפּסל ליפּשיץ און דער סע־קרעטאַר פון דער גמינע, פּישל לעווין. זיי האָבן עס געבערענגט דעם פּריץ מיט זיין זון. דער עולם האָט עס טאַקע גערעדט, אַז די מענטשן, די דאָזאָרעס ווייסן עס אָבער שטענדיק וואו און וואָס. גליקלעכע מענטשן . . . רעזשייסק האָט נאָך אַזאַ סיום נישט געהאַט. פּראָסטע יידן, שוסטערס און שניידערס, קירזש־נערס און זאָקן־מאַכערס האָבן געטאַנצט מיטן פּרץ . . . עס איז געווען אַ שרעקלעכע ענגשאַפט. שווייס האָט גערונען פון די פּנימער, עס איז אָבער גוט געווען. מען האָט געזען דעם פּריץ . . .

***

דער רעזשייסקער הויף האָט אויפגעלעבט. מען אַרבעט שוין אין וואַלד. מען שניידט אים. עס איז צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן דער טאַרטאַק. איבער דעם איז דער באַלעבאָס, דעם פּריצס זון. מאיר איז אַ געראָטענער יינגערמאַן, שניידט זיך אויפן טאָטנס וועגן. ער איז איצט בסך הכל עטלעכע און צוואַנציק יאָר אַלט און ווי ער ברענט צו דער אַרבעט. אין די געסלעך פון רעזשייסק הערט מען דעם קלאַנג פון די זעגן אין וואַלד. ביינאַכט איז רעזשייסק פאַר־לויכטן פון די הויכע טאַרטאַק־לאָמפּן. רעזשייסק פרייט זיך מיט יעדער זאַך, וואָס עס טוט זיך דאָרט . . .

אין די פאָדער־צימערן פון פּאַלאַץ איז אַ געווימל פון מענטשן, אַלץ וואַלד־מענטשן, וואָס אַרבעטן שוין יאָרן מיט שמעון שאַפּירע. דער אַלטער אויערבאַך מיטן פּליכעוואַטן קאָפּ און מיט די דיקע גלעזער אין די ברילן, וואָס מאַכן זיינע אויגן רירעוודיק און לעבעדיק און איזאַק לאַנדוי, אַ ברייטער, רוסישער ייד מיט די גרויסע וואָנסעס און שטענדיק מיט אַ גוטן ציגאַר. זיי זיינען עס די עקספּאָרטערן. זיי שיקן עס אַוועק איבער דער וועלט די אויס־געאַרבעטע סלופּעס און שוועלן. אַלטע פּאַכלייט און זיי האָבן די גרעסטע און בעסטע פאַרבינדונגען מיט דער גאַנצער וועלט. שיין איז צו זען, ווי דער אַל־טער אויערבאַך, וואָס אַזוי איז ער אַ קראַנקער און סמוטנער מענטש, אָבער ווי ער נעמט אויסשרייבן טעלעגראַמעס און ווי ער הויבט אָן לייענען די דער־האַלטענע טעלעגראַמעס ווערט ער אַ יינגערמאַן. דאָס שיקט ער קיין אויס־לאַנד און דאָס זיינען טעלעגראַמעס פון דער גאַנצער וועלט. ער לעבט. טעמ־פּעראַמענט. לאַנדוי ווידער גלאַנצט, ווען ער דערציילט זיינע מעשיות פון די

אַמאָליקע רוסישע פּאָמיעשטשיקעס, אָבער אַממייסטן האָט ער ליב די אַלע מעשיות צו דערציילן שאַפּירען. שאַפּירע — זאָגט ער — פילט דעם אמתן טעם אין די אַלע מעשיות. עס דרייען זיך דאָ אַרום הערמאַן זעל־צער און פּיוול בערלין, די גרעסטע וואַלד־מעקלער. זיי זיינען אַראָפּגע־קומען זיך זען מיט שאַפּירען. זיי האָבן מיט אים וועגן וואָס צו ריידן. ער האָט אָבער נאָך נישט קיין צייט, שאַפּירע. זיי וועלן פריער נישט אַוועקפאָרן ביז זיי וועלן אים נישט זען. דערווייל געניסן זיי אַלע פון דער רעזשייסקער לופט. עס איז דאָך אַ נחת. וואַרשע איז דאָך אַ שרעק, נישטאָ דאָרט מיט וואָס צו אָטעמען. און מאיר, דער ייִנגער שאַפּיראָ דרייט זיך אַרום די „קאַרפּן קעפּ" פון דער וואַלד־בראַנזשע מיט גרויסן דרך ארץ. ער הערט זיך איין וואָס זיי ריידן, וואָס זיי דערציילן. און זיי אַלע קוקן אויף אים ווי אויף אַן אייגענעם מענטש, ווי זיי האָבן אים דערצויגן. ער וועט זיין אַ וואַלד־מענטש ווי זיין טאַטע — דאָס זאָגן זיי. און שמעון שאַפּירע האָט געהאַט נחת פון זיין מאירן. ער לערנט זיך.

אַ מאָדנע מעשה. זינט עס איז אָנגעקומען שאַפּירע אַלס רעזשייסקער פּריץ און אַלע רעזשייסקער יידן זיינען פריילעך דערמיט, גייט עס אָבער דעם דאָזאָר־שטיבל מיטן קאָפּ אַראָפּ. עס קומט שוין נישט אַריין אַפילו אַ גראָשן עטאַט אין דער קאַסע פון דער קהילה. רעזשייסקער יידן האָבן שוין נישט בדעה צו צאָלן עטאַט פאַרן דאָזאָר־שטיבל. אַז עס איז אַזאַ גביר, וואָס פאַרמאָגט דעם גאַנצן הויף מיטן וואַלד און מיטן טאַרטאַק, אַ יידישער פּריץ, וועלן זיי צאָלן?! עס איז אויף דעם זיך נישט צו ריכטן. דעריבער „זינט דער פּריץ איז געקומען און מען האָט געמאַכט מיט אים אַזאַ סיום־הספר, גייען אַרום די דאָזאָרעס מיט צעבראָכענע קעפּ. יעדן טאָג ווערט ערגער. עס קומט אויס צו אַנטלויפן פון שטאָט. פאַרן רב און חזן און סעקרעטאַר פון דער קהילה, איז נישטאָ קיין אײן קאָפּיקע זיי צו געבן שכירות, אַחוץ דאָס, וואָס זיי קומט אַ חוב פון אַ האַלב יאָר פּענסיע. ווייניק דאָס, איז מיט אַ פּאָר טעג צוריק אַראָנגעקומען אַ פּאַפּיר פון דער פּאָליציע, געחתמעט פון בורמישטש, אַז מען זאָל אין פאַרלויף פון איין חודש, אַוועקנעמען דעם אַלטן פאַרקאַן פון בית מדרש, וואָס איז פּראָך, און מען זאָל אויפשטעלן אַ נייעם, אין פאַרלויף פון אַ חודש. ווייניק דאָס, האָט מען עס נעכטן דערזען אין ווייבערשן בית־מדרש, אַז דער בעליק האַלט ביים אַראָפּפאַלן. סכנת נפשות.

דער פּרעזעס שעפּסל ליפּשיץ, האָט גערופן אַן עקסטראַ זיצונג פון דאָזאָר־שטיבל. מען מוז דאָך עפּעס טאָן. ער האָט אַראָפּגעברענגט צו דער זיצונג אברהם טוביהן, כאָטש ער איז אַלט און קראַנק. שעפּסל האָט גע־האַלטן אַז דאָס איז זייער וויכטיק, אַז אברהם טוביה זאָל זיין דערביי. זיינס אַ וואָרט, אַ וואָרט פון אַזאַ זקן וועט שטאַט הערן . . .

איז מען געזעסן אין קליינעם און שמאָלן געוועלבל, דער פּרעזעס האָט געלייענט פון אַ פּאַפּיר, וואָס עס האָט אויסגעאַרבעט דער סעקרעטאַר פישל. אַ שוואַרץ פּאַפּיר. מען איז שולדיק און מען איז שולדיק. מען דאַרף מאַכן און מען דאַרף מאַכן. „אָבער וואו וועט מען נעמען געלט?" טראַכטן עס אַלע. מען דאַרף דאָ זיין געוואַלדיק קלוג.

— נו?

האָט דער סעקרעטאַר פישל לעווין זיך אָפּגערופן, אַז ער האָט אַ פאָר־שלאַג, נאָר ער שעמט זיך . . .

— וואָס הייסט דו שעמסט זיך? — איז געוואָרן דאָס גרויסע גע־לעכטער — אַ מאָדנע מעשה, ער שעמט זיך . . .

— פאַרוואָס זאָל מען נישט גיין צו שאַפּירען? — האָט דער סעקרעטאַר אָנגעהויבן זיין פאָרשלאָג — אויב שטאָט צאָלט נישט עטאָט צוליב שאַפּירען, זאָל ער צאָלן . . .

אויף אַזאַ פאָרשלאָג האָט מען זיך טאַקע נישט געריכט. שאַפּירע איז אין רעזשייסק ערשט פיר וואָכן, זאָל מען שוין גיין צו אים נאָך געלט?! אַ ביסעלע נישט שיין. מען האָט זיך, איינער דעם אַנדערן, אָנגעקוקט.

— ווער גייט אין דער דעלעגאַציע? — האָט דער פּרעזעס געפרעגט.

ס'איז געווען שטיל. מען וואַרט אויף כיבוד. דעמאָלט האָט עס דער פּרעזעס געמאַכט קורץ און שאַרף:

— פאַרשרייב, פישל, דעם פּרעזעס, דעם סעקרעטאַר און ר' אברהם טוביהן. אַלע זיינען מסכים? אַלע מסכים. פאַרשריבן?

איצט ווידער האָבן יונה קירזשנער און שמחה, פּעשע מלכהס זיך אָנגע־קוקט. דאָס האָט געהייסן: „זעסט כאָטש, וואָס עס גייט פאָר?" מען האָט דאָך זיי פאַרשעמט . . .

מילא, האָט מען זיי פאַרשעמט.

*
**

די דעלעגאַציע איז געגאַנגען אָוונט. מען האָט אויסגערעכנט, וועלכע שעה, קען שוין דער פּריץ זיין נאָך דער וויעטשערע. דער סעקרעטאַר פישל לעווין, וואָס איז געווען דער יינגסטער אין דער דעלעגאַציע, זיין באָרד איז נאָך געווען גוט שוואַרץ און דערצו איז ער דאָך געווען אַ לוין־מענטש ביי די דאָזאָרעס, האָט געהאַט דעם ערגסטן גאַנג צום פּאַלאַץ. ער האָט דאָך געדאַרפט איבערן גאַנצן וועג האַלטן שעפּסלען און אברהם טוביהן ביי די הענט. זיי האָבן יעדע מינוט געהאַלטן ביי פאַלן. זיי האָבן געהאַלטן ביי פאַלן אַפילו אין פּאַלאַץ גופא. עס איז דאָרט פאַר זיי געווען מוראדיק גלי־טשיק אויף די שטיינערנע טרעפּ און אויף די שטיינערנע דילן. ער האָט זיי געהאַלטן ביי די הענט. אברהם טוביה האָט שווער געאָטעמט.

משרתים און משרתים זיינען געלאָפן אַרויף און אַראָפּ צו געפינען דעם פּריץ און אים מעלדן וועגן דער וויכטיקער דעלעגאַציע. מען האָט די דאָזאָרעס געפירט בכבוד גדול מיט די טרעפּ אַרויף און זיי אַריינגעפירט אין זייער אַ גרויסן צימער. דער צימער איז געווען עפּעס אַזוי הויך, אַז די דעלעגאַטן האָט עס אַזש די קעפּ „געריסן", ווי זיי וואָלטן געווען אין אַ צימער אָן אַ דאַך . . . אברהם טוביהן איז דאָ, צוליב זיינע קראַנקע אויגן, געווען צו ליכטיק, אָבער הנאה האָט עס אים פונדעסטוועגן געטאָן, וואָס ער האָט דער־לעבט אַזעלכעס צו זען.

שאַפּירע איז אַריינגעקומען מיט אַ שמייכל. ער האָט זיי גלייך דערקענט, זיי געדענקט פון סיום־הספר.

די דעלעגאַטן זיינען גלייך געוואָרן אַזוי פריילעך, אַז זיי האָבן אין זיך דערפילט כוח. דער פּרעזעס ר' שעפּסל ליפשיץ האָט געזאָגט דעם פּריץ אַ גלייך ווערטל:

— מיטן פּאַלאַץ, הער שאַפּירע, זע איך, האָט איר זייער געטראָפן, נאָר מיט רעזשייסק, מיין איך, האָט איר נישט אַזוי געטראָפן. טאַקע זייער ווױלע יידן, אָבער אביונים.

— העי, וואָס רעדט איר, פּרעזעס — האָט דער פּריץ געענטפערט — איך מיט רעזשייסק האָב אַוודאי געטראָפן. וואָס זשע הערט זיך טאַקע ביי אייך?

— יאָ — האָט דער פּריץ װידער געפֿרעגט אברהם טוביהן — װאָס מאַכט איר עפּעס ר׳ אברהם טוביה?

און דאָ איז אַרײַנגעקומען אַ משרת, מיט אַ טאַץ מיט כל־טוב, טײ און קיכלעך און מילך און ביר און אַפֿילו ציגאַרן אויך.

דער אַלטער אברהם טוביה האָט זיך גלײַך גענומען צו אַ ציגאַר. ער האָט זיך געפֿילט זײער גוט. אָבער װי ער האָט אים פֿאַררױכערט אַזױ האָט ער זיך פֿאַנאַנדערגעהוסט און שאַפּירע האָט גוט געשמײכלט:

— העי, ר׳ אברהם טוביה, נעמט בעסער אַ ביסל מילך אײדער דעם ציגאַר . . .

אַז דער פּרעזעס שעפּסל ליפּשיץ האָט שױן געהאַט אָנגעגעסן די טײ און פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון אַ קיכל, האָט ער זיך אָנגענומען מיט קוראַזש, פֿאַנאַנדערגעװיקלט זײַנע פּאַפּירן און האָט אָנגעהױבן דערצײלן שאַפּירען װי די קהילה האַלט אין דער װעלט. ער האָט דערצײלט װעגן גרױסן חוב, װאָס עס קומט דעם רבֿ, דעם חזן און דעם סעקרעטאַר פֿון דער קהילה. „מיר האָבן נישט קײן געלט״, „אַן אָרעמע קהילה״. איצט האָט פּאָליציע צוגעשיקט אַ פּאַפּיר מיט אַ געװאַלד, אַז אין פֿאַרלױף פֿון חודש זאָל מען אױפֿשטעלן אַ נײַעם פּאַרקאַן אַרום בית־מדרש. זײ װאָרענען. איצט איז זײער אַ שװע־רער ענין מיט דער װײַבערישער שול. עס האָט דאָרט לאַנג אַרײַנגערעגנט און מען האָט נישט פֿאַרריכט, װײַל „מיר האָבן נישט קײן געלט״ איז עס הײַנט נאָך ערגער. דער רעגן האָט צעװײקט און פֿאַרפֿױלט דעם בעליק. עס איז איצט די סכנה, אַז דער בעליק זאָל אײַנפֿאַלן.

— און איצט שפּיטאָל — האָט דער סעקרעטאַר דערמאָנט.

— יאָ, שפּיטאָל — האָט דער פּרעזעס אונטערגעכאַפּט — עס זײַנען בײַ אונז פֿאַראַן קראַנקע אָרעמע לײַט, װאָס נױטיקן זיך אין שפּיטאָל און פֿאַרלאַנגען פֿון אונז, מיר זאָלן זײ העלפֿן.

— עס פֿעלן נישט קײן צרות — האָט צוגעגעבן אברהם טוביה.

— איך װעל אײַך זאָגן מײַנע ליבע דאָזאָרעס, אַז אײַך מקנא צו זײַן איז אַ ביסל צו שװער, אָבער איר האָט גוט געטאָן, װאָס איר זענט גע־קומען. דערװײַל װעל איך אײַך געבן צװעלף הונדערט קערבלעך. יאָ, שטעלט מיר צו אַ ליסטע פֿון די נױטבאַדערפֿטיקע, װעל איך זײ צושיקן האָלץ פֿון װאַלד.

די דעלעגאַטן זיינען אַוועק פון פּאַלאַץ מיט פרייד און מיט געוואַלדי־קער התפעלות. דעם אַלטן אברהם טוביהן איז איצט גאָרנישט געווען צו דערקענען. ער איז איצט געגאַנגען ווי אַ יינגערמאַן. דער סעקרעטאַר פון דער קהילה, פישל, האָט עס שוין עטלעכע מאָל געזאָגט, אַז ער גייט אַהיים מיט אַ בשורה פאַר דער ווייב, אַז דער חוב איז געראַטעוועט.

די צוויי באַליידיקטע דאָזאָרעס, יונה קירזשנער און שמחה, פּעשע מלכהס האָבן צומאָרגנס אינדערפרי פאַרן דאָזאָר־שטיבל געפּרואווט מאַכן אַ שטיקל טומל. זיי האָבן געשריגן גאַנץ הויך, אַז מענטשן זיינען זיך אָנגע־לאָפן, אַז „די פּאָר מלמדים און שלימזלים האָבן אונז פאַרשוואַרצט דאָס פּנים פאַרן פּריץ, געמאַכט אונז פאַר שנאָרערס און וואָס האָבן זיי אַרויסגעקריגן פון קורחן? צוועלף הונדערט קאַרבוינצעס! אַ־וואַ, צוועלף הונדערט קאַר־בוינצעס!"

דער עולם האָט געלאַכט און עס איז געווען שווער צו טרעפן פון וועמען זיי לאַכן עס אַזוי, ווייל דאָ איז אָנגעקומען דער פּרעזעס און גלייך די צוויי־פאַרשוינען אַזוי פיין אויסגעזידלט: „איז וויפל וואָלט איר געקריגן — דרייצן הונדערט?"

דער עולם האָט געלאַכט . . .

דער סעקרעטאַר פישל לעווין האָט דערוויל געטאָן זיינס. ער האָט פאַרצייכנט וועמען פאַר שפּיטאָל און וועמען נאָך האַלץ. געשטאַנען אַרום אים אַ רעדל מענטשן.

***

רעזשייסקער יידן האָבן זיך שוין געפּילט גאָר היימיש מיטן פּריץ, ווי ער וואָלט געווען זייערס אַ געבירטיקער אין רעזשייסק. אַ סך האָבן אים אָנ־גערופן פּראָסט־פּשוט „שמעון שאַפּירע" און אַמאָל גאָר בלויז נאָר „שאַפּירע".

אַז רבקה די זאָקן־מאַכערקע, וואָס איז געווען די מייסטערין און די סוחרטע, כאָטש צאַלקע איז עס געווען איר מאַן, איז געזעסן אין שטוב און אַזוי געטראַכט, ווי רבקה די זאָקן מאַכערקע, איז איר פּלוצלונג איינגעפאַלן אַ פראַגע: פאַרוואָס זאָל עס איר געלט ליגן אין שטוב, אין די פאַרשידענע לעכער און דאָך האָט זי שטענדיק דעם קלער, אַז אָדער די מייז וועלן עס צערעכט מאַכן, אָדער גאָר גנבים. פאַרוואָס זשע זאָל מען עס נישט בעטן שאַפּירען, ער זאָל

עס אַוועקלייגן ביי זיך אין דער אייזערנער קאַסע? אָבער אַז צאַלקע, דער שטרויענער צעלעגער, איז געקומען, האָט ער זיך פון רבקהן אויסגעלאַכט: „דער פריץ האָט שוין מער נישט וואָס צו טאָן!" רבקה איז נישט נתפעל געוואָרן פון צאַלקעס חכמה. זי קען דאָך איר מאַן. זי האָט גענומען דאָס געלט און געזאָגט צום מאַן: „קום!" דעמאָלט איז ער געגאַנגען.

דער פריץ אַליין איז אים אַקעגנגעקומען:

— וואָס זאָגט איר עפּעס?

צאַלקע האָט דערציילט, אויף פּראָסט יידיש, דעם פריץ אַזוי און אַזוי, ווי זיין ווייב האָט אים געזאָגט. דער פריץ האָט אויף אַ רגע זיך פאַרטראַכט און ער האָט זיך מיישב געווען:

— וויפל האָט איר עס? פיר הונדערט רובל? גוט, אָבער איר זאָלט דאָס קיינעם נישט זאָגן.

—נו, צאַלקע, וויפל מאָל האָב איך עס געדאַרפט צו דיר ריידן? — האָט רבקה איצט געלאַכט פון איר מאַן.

— רבקה, עס דאַרף זיין אַ סוד. דו הערסט, רבקה!

נאָר צאַלקע איז גלייך אַוועק אין בית־מדרש אַריין זיך זען מיט היימישע מענטשן און רבקה איז געגאַנגען אַהיים, געדאַנקט גאָט, וואָס צאַלקע גייט נישט מיט, ווייל זי איז גלייך אַריינגעגאַנגען צו אירע גוטע שכנטעס.

אין בית מדרש האָבן די היימישע מענטשן מאָדנע אָנגעקוקט צאַלקען, וואָס ער רעדט עפּעס אַזוי פיל וועגן פריץ. „וואָס פאַר אַ מחותן איז ער עס מיטן פריץ?".

— צאַלקע, וואָס איז געשען?

און נאָך אַמאָל:

— צאַלקע, וואָס איז?

דעמאָלט האָט ער זיינע פריינט אַוועקגענומען אין אַ ווינקל:

— אָבער יידן, עס זאָל ווייטער נישט גיין . . .

— נו.

און ער האָט זיי דערציילט.

און די זעלבע זאַך איז געווען מיט רבקהן, צאַלקעס ווייב, כאָטש זי איז שוין געווען די גאַנצע מייסטערין און די גאַנצע סוחרטע. זי האָט פּשוט אויפגערודערט אירע שכנטעס:

— דער פריץ פאַרמאָגט עטלעכע אייזערנע קאַסעס. אַז ער האָט גאָר־נישט דאַקעגן, אַז ער איז נאָך צופרידן.

צומאָרגנס און פון גאַנץ באַגינען, איז געגאַנגען אַ גרויסער עולם יידן פון רעזשייסק צום פּאַלאַץ. די משרתים אין פּאַלאַץ האָבן, לכתחילה, גאָר־נישט געוואוסט, וואָס איז דאָס פאַר אַן עולם.

עס איז געוואָרן אַ רעש אין פּאַלאַץ. משרתים זיינען געלאָפן אַרויף און אַראָפּ. דער פריץ איז נאָך געשלאָפן. עס האָט געדויערט און דאָ האָבן די מענטשן זיך אַרומגעדרייט.

ענדלעך איז אַראָפּ דער פריץ. ער איז געווען אין כעס, ווי ער האָט דער־הערט גלייך פון ערשטן, אָבער שפּעטער איז געוואָרן ווייך און די מענטשן זיינען אַוועק צופרידענע. פון איצט אָן ליגן, די רעזשייסקער שווער אָפּגע־שפּאָרטע געלטער, אין שפּירעס אייזערנער קאַסע.

*
**

רעזשייסקער יידן האָבן עגמת נפש, וואָס די גאַנצע וואָך איז דער פריץ נישט געווען אין הויף. מענטשן זיינען געקומען יעדן טאָג. ווי איינער. איי־נער איז געקומען מיט עטלעכע רובל און דער אַנדערער איז געקומען קריגן עטלעכע רובל. זונטיק און מאָנטיק האָט מען זיך דאָ אַרומגעדרייט ווי נאַ־ראָנים, ווי איבעריקע מענטשן, ווי בעטלערס. מען האָט אַלץ גערעכנט, אַז דער פריץ וועט מסתמא באַלד אָנקומען. מען האָט זיך אַזוי אַרומגעדרייט אין הויף די גאַנצע צוויי טעג מיט גאָרנישט און אין דער היים, איז די אַרבעט געבליבן נישט געמאַכט.

דינסטיק ערשט, האָט מען זיך געכאַפּט, אַז מען קען דאָך אַ רייד טאָן מיטן זון, איז מען צו אים צוגעגאַנגען, מען האָט אים געבעטן און ער האָט געהאַט אַ פּנים, ווי ער וואָלט גאָרנישט געהערט, אָדער ער וואָלט געווען אין אַ באַהאַלטענעם כעס. ער האָט גאָרנישט געענטפערט און דאָ איז ער גאָר נישטאָ. וואו איז ער אַוועק? און אַז מען האָט אים שפּעטער יאָ געזען, איז ער ווידער געווען פאַרנומען און ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער זעט נישט קיינעם און אַז עס איז שוין אַלץ געווען גוט, אַז ער האָט אויסגעהערט און ער האָט די טובה געטאָן, איז עס ביי אים געווען אַזאַ אָנגעברוגזטע

מאַרדע. עס האָט דאָך שרעקלעך געקרענקט. מען איז אַרומגעגאַנגען אָן קעפּ. מען האָט דאָך שוין געמיינט, אַז דער הויף איז געקויפט געוואָרן פאַרן זון, אַז ער איז גאָר דער פּריץ. מען האָט שוין געהאַט זייער טרויעריקע געדאַנקען.

***

פון אַלע מאַרק־געוועלבער האָבן פריילעכע אַרויסגעקוקט די קרעמער און קרעמערקעס. דאָס האָבן זיי דערזען די הויפישע בריטשקע מיט די צוויי הויכע, ברוינע פערד. אַ געלויף און אַ פרייד אויפן מאַרק אין אַ פּראָסטן מאָנ־טיק. אַיין קליניקייט! די בריטשקע איז געווען מיט בלויז ווייבער, אָבער ס'איז די הויפישע בריטשקע. מסתמא דעם פּריצס ווייב מיט זיינע טעכטער. און די בריטשקע האָט זיך גלייך פאַרקערעוועט און זיך אָפּגעשטעלט פאַר סערקעס געוועלב. פאַרוואָס עפּעס פאַר סערקעס געוועלב? און די סערקע מיט איר ממזרישן קאָפּ, האָט זיך גלייך געכאַפּט ווער דאָס איז און זי האָט זיך פאַר זיי פאַרנויגט ווי פאַר שררהס. מיט אַ וואונק פון סערקען צו איר מיידל, די „סקלעפּאָווע", זיינען גלייך געשאַפן געוואָרן פיר גרויסע שטולן. פאַרן אָפענעם געוועלב איז געשטאַנען אַ גרויסער רעדל מענטשן און אַלע האָבן געגאַפט, וואָס אַזוינס וועט די פּריצה דאָ איינקויפן. זי האָט איינגעקויפט, די פּריצה, בלויז שמאָכטעס, נאַרישקייטן, קלייניקייטן. צום סאַמע סוף האָט זי אויך גענומען איין מענער־העמד און אַ שטרויענעם קאַפּעליוש, וואָס עס קויפט געוויינלעך אַ פּויער, אָבער דעם קאַפּעליוש מיטן העמד האָט זי גלייך אַוועק־געגעבן דעם קוטשער. ער איז רויט געוואָרן, דער קוטשער. ער האָט דעם קאַפּעליוש אויפן אָרט אָנגעטאָן אויפן קאָפּ און ער האָט זיך זייער געפרייט. סערקע איז אַזוי געשטאַנען און געשמייכלט און זי האָט נאָך דער פּריצה געפרעגט, ווען דער פּריץ וועט זיין אין הויף, „ווייל מיר דוכט זיך, אַז ער איז נישטאָ". די פּריצה, אַ פּשוטע, אַ גוטע, מיט אַ געוויינלעך קאַפּעליושל אויפן קאָפּ, האָט געענטפערט, אין אַ פּראָסטן יידיש, וואָס עס איז געווען צו זען און הערן, אַז דער מאַן אירער קומט מאָרגן מיט געסט. וואָס פאַר אַ געסט, ווער זיי זיינען — האָט סערקע שוין נישט געהאַט די העזה צו פרעגן.

סערקען האָט געביסן די צונג זיך צו פרעגן ווער עס זיינען די צוויי שיינקייטן, זיינען זיי טעכטער אָדער שנורן? זי האָט איבערגעטראַכט, אָבער זי האָט געפרעגט.

דער פּריצה האָט עָס גראָד הנאה געטאָן און די צוויי שיינקייטן האָבן האַרציק גֶעלאַכט.ביידע נאָך כמעט קינדער, נאָר איינע עפּעס מער פון נידעריק איז אַ שטאַרק העלע, מיט בלוילעכע אויגן און די אַנדערע, אַ העכערע, אַ שוואַרץ חנוודיקע. זיי זעען ביידע אויס, ווי נאָר־וואָס אַרויס פון די קינדער־שיכלעך.

די שיינקייטן האָבן געלאַכט און די פּריצה מיט אַ זיסן שמייכל האָט געזאָגט :

— די בלאָנדינקע, זאָל מיר געזונט זיין, איז מיין שנור און די אַנדערע, די שוואַרצע איז מיין כלה־מיידל.

— זאָל זיין פריידשמחות — האָט סערקע אונטערגעכאַפּט.

ווי די בריטשקע איז אָפּגעפאָרן זיינען נאָך אַנגעלאָפן מיידלעך און ווייבלעך, אָבער זיי האָבן שטאַרק באַדויערט, וואָס זיי האָבן פאַרשפּעטיקט.

נאָך לאַנג איז געשטאַנען אַרום סערקען דער רעדל מענטשן. סערקע האָט זיי זייער אַ סך דערציילט און פון איר טאַקע איז עס שטאָט געוואָר גע־וואָרן, אַז דער פּריץ קומט מאָרגן צו פאָרן און אַז ער קומט נישט אַליין, נאָר מיט געסט. עס האָט געקאָכט דערמיט.

***

בעלי מלאכות זיינען אַוועק פון דער אַרבעט, קרעמער האָבן די טירן פון זייערע קראָמען צוגעשפּאַרט און אַוועק אין גאַס. אַ יום־טוב אין שטאָט. אַזאַ גרויסער עולם, און יעדער וויל שטיין אין פראָנט. דאָס שטופּעניש איז זייער גרויס. ענדלעך. ס׳האָט זיך באַוויזן די הויפישע קאָטש און באַלד אויך די בריטשקע. דאָ פאָרט דער פּריץ און דאָ פאָרן זיינע געסט, אָבער ווער האָט זיי דען געזען ?.. די קאָטש און די בריטשקע זיינען אַזוי שנעל פאַר־ביי ווי אין אומישנע כדי רעזשייסק זאָל זיי נישט זען, עקסטרע אַזוי . . . עס פאַרדריסט. פאַר כעס האָט עמיצער געטאָן אַ פייף. ווער איז עס דער פייפער ? מען ווייסט נישט. דער עולם שמייכלט . . .

אָבער שבת, פונדעסטוועגן, איז אַ גרויסער עולם אַראָפּ צום פּאַלאַץ. מען האָט געוואָלט זען דעם פּריץ. מען האָט דאָך אים שוין לאַנג ניט געזען און פאַרוואָס זאָל מען אויך נישט זען די געסט ? דערוויל איז עס צווישן

עולם געוואָרן באַקאַנט. מען ווייסט עס שוין, אַז דאָ אין פּאַלאַץ געפינט זיך איצט דער גאָר גרויסער דוד בלום פון לאָדזש, דער גרעסטער פאַבריקאַנט, דער גרעסטער גביר, דוד בלום. מען ווייסט עס שוין אויף קלאָר, אַז דאָ האַלט ביי אַ שידוך צווישן פריצס מיידל און דוד בלומס ייִנגל. עס זידט. צום ערשט זיינען אַרויס פון פּאַלאַץ די משרתים פון פּאַלאַץ: „וואָס קומט דאָ פאָר? אַזאַ עולם! און דאָ האָט זיך באַוויזן דער פריץ מיט זיין שמייכל און גלייך מיט אים זיין גאַסט, וואָס וועט מסתמא זיין דער מחותן — אַ מענטש אַ ריז, אַ לאַנגוש, אַ קאָפּ העכער פון פריץ, לאַנגע הענט און לאַנגע פיס און אַ פּעך שוואַרץ באָרד, וואָס הענגט אַראָפּ פון אַ פּאָרצעליי־קלאָר פּנים. אָבער ווי דער גאָר גרויסער דוד בלום האָט אָנגעהויבן ריידן איז געוואָרן ביים עולם אַ גרויסע אַנטוישונג. זיין קול עפּעס העכער ווי ביי אַ געוויינלעכן בשר ודם און שמייכלען שמייכלט ער נישט, ווי זיין פּנים איז נישט דערצו. אָבער דאָך כאַכעט ער עפּעס . . . און ווי אַזוי, און וואָס ער האָט זיך עס געפרעגט, מיט חוזק:

— דאָס הייסט רעזשייסק?

— וואָס טוט איר אין רעזשייסק?

— ווי גרויס איז אייער שטעטעלע?

דאָס זיינען שוין איינמאָל פראַגן און ווי ער האָט עס געפרעגט, מיטן חוזק. מען האָט אים געוואָלט ענטפערן. עטלעכע מענטשן אויף אַ מאָל האָבן אָנגעהויבן ענטפערן, אָבער דער גאַסט האָט געמאַכט „כאַ־כאַ“ און איז אַריין אין פּאַלאַץ . . .

און דער־אָ וועט עס זיין דעם פריצס מחותן?.. דער עולם איז שנעל אַוועק אַהיים.

***

שמעון שאַפּירע האָט געהאַט אַ שווערע אַרבעט מיט בלומען, אים צו באַווייזן אַז ער, שאַפּירע, איז יאָ רייך.

— וואָס, דער הויף איז ביי איך אַ קליינקייט?

— דער וואַלד און דער טאַרטאַק אַ קליינקייט?

און כאָטש שמעון שאַפּירע האָט שוין געוואוסט אויף זיכער, אַז דער שידוך איז שוין שידוך, ווייל זיין טעמעלע און דער יינגער בלום, מאַרעק

בלום זיינען שוין פאַרליבט. זיי האָבן זיך עס אַזוי פאַרליבט אַזוי ווי זיי האָבן זיך נאָר דערזען, דאָך האָט שמעון שאַפּירע געהאַלטן, אַז ער דאַרף דעם שידוך פאַר זיין מיידל, פאַר טעמעלען שטאַרק צו היטן. אויב נישט קען חלילה ביי אַזאַ מאָדנעם מענטש ווי דוד בלום גאָר נישט ווערן. ער ווייס דאָך, ווער ער איז . . .



און איצט האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע צרה, וואָס איז געוואָרן מיט יעדן טאָג גרעסער ביז . . .

גאַנצע צוויי וואָכן איז דער פּריץ אין הויף נישט געווען. מיטן זון איז עס געווען אַ שווערע אַרבעט. ער האָט ווי אומישנע געצויגן דעם מאַרך פון די ביינער. ער האָט זיך געמאַכט ווי ער זעט נישט. דאָ איז ער ערגעץ פאַרשוואונדן און אַז ער האָט שוין יאָ געזעדט און דערליידיקט, ווי דער טאַטע זיינען האָט עס געמאַכט. אָדער מען האָט אַריינגעברענגט געלט, אָדער מען האָט אַרויסגענומען עטלעכע רובל, איז ער גאָר געווען אין כעס, ווי עס איז אים צו שווער, ווי עס גלוסט זיך אים גאָרנישט. עס איז געווען זייער נישט גוט.

אָבער אַ טאָג שפּעטער איז עפּעס קיינער נישט געווען אין הויף. פּוסט. נישט די פּריצה, נישט זייער כלה־מיידל און נישט זייער שנור. ווער איז יאָ דאָ? דער זון און די צוויי פירערס פון טאַרטאַק, אויערבאַך און לאַנדוי און ווי זיי זעען עס אויס — אויף אַלע וויסטע וועלדער געזאָגט געוואָרן. אַי־בערפרעגן זיך האָט מען מורא געהאַט. עס האָט געגרימט. עס האָט ווי געטאָן דאָס האַרץ. מען באָדט זיך דאָ מיטן שטיקל פאַרמעגן. און צו מאַרגנס איז שוין דער טויער פון הויף געשלאָסן. מען גיט אַ קלונג. עפנט זיך דאָס פענצטערל, עס שטעקט אַרויס דעם קאָפּ דער סטרוזש טעאָפיל און ער מעלדעט, אַז עס איז קיינער נישטאָ, און באַלד דאָס פענצטערל צוגעמאַכט. עס איז געווען גוט צו הערן אַזאַ מעשה! דער עולם זאַמלט זיך. עס ווערט גרע־סער דער עולם. אַלע אויף אַמאָל האָבן אַ נעם געטאָן דעם גלאָק. עס האָט אויף טעאָפילן אַ ברען געטאָן די הויט. ער האָט געעפנט און די מענטשן האָבן זיך אַריינגעלאָזט ווי אַריינגעפלייצט. מען האָט זיך געלאָזט טרעפּ אַרויף,

אויפגעפּראַלט אַלע צימערן, געזוכט און גענישטערט. װוּ זײַנען זײ? װאָס איז געשען?

אַ משרת איז אָנגעקומען, אַ דאַר פֿאַרשװינדל. ער האָט געמאַכט צו זײ מיט דער האַנט, זײ זאָלן בלײַבן שטײן. זײ זײַנען געבליבן שטײן אויפֿגעציטערטע. דער משרת האָט איצט געלאַכט: איר זענט צו פֿרי געקומען. אין אַ שעה צװײ אַרום װעט דער פּריץ און די פּריצה און דער ייִנגער פּאַן מיט זײַן פֿרוי װעלן קומען. איר זאָלט קומען שפּעטער זײ װינטשעװען. דעם פּריצס מײדל האָט דאָך חתונה געהאַט — האָט ער פֿון פֿרײד זיך צעלאַכט.

דער עולם האָט זיך אַרויסגעשאַרט און אַז מען איז אַרויף אויפֿן שאָסײ, האָט מען אָנגעהויבן לויפֿן אַהײם, אַז מען האָט שיִער נישט די געדערים פֿון זיך אַרויסגעיאָגט אַזוי צעקאָכט זײַנען זײ געװען, אָבער די שטאָט האָט פֿון זײ זיך דערװוּסט, אַז דער פּריץ קומט באַלד. ער האָט חתונה געמאַכט זײַן מײדל. קײן שום שלעכטס נישט. ער האָט חתונה געמאַכט. זײ קומען באַלד.

# ביי די רינגלס

מענטשן האָבן אַזש געלאַכט פונם שידוך. אַ מאָדנע קרומעניש. גענענדל, קלמן סאַרקאָמליערס מיידל, וואָס האָט ניט לאַנג צוריק געקריגן אין דער גימנאַזיע אַ גאָלדענעם מעדאַל און ניסן, שכנא רינגלס בחור, וואָס איז פון די זעלטענע עם הארצישע בחורים אין שטאָט. דאָס וואָס ער האָט געלערנט אין די חדרים איז שוין לאַנג פון אים אַרויסגעפלויגן, אָבער ער האָט נאָך קיין ביכל אין האַנט אויך נישט געהאַלטן.

און פון דער אַנדערער זייט ווידער:

וואָס דאַרף ניסן אַ מיידל מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל פון גימנאַזיע? און אַ באַזונדערע זאַך, ווי האָט עס דער שיינער און עלעגאַנטער און דעליקאַטער ניסן זיך געקענט פאַרליבן אין געגענדלען, וואָס איז קעגן אים אַ גרויסע מיאוסקייט? אַ מיידל מיט אַ מאַנספאַרשויגישער נאָז, און אַליין, איז געגענדל, קורץ און ברייט און אירע האָר פאַלן איר כסדר אין די אויגן, זי קען זיך מיט זיי קיין עצה נישט געבן. ווי זשע?

***

הויבן הויבט זיך עס אָן מיט זייערע טאַטעס, מיט ניסנס טאַטע, שכנא רינגל און געגענדלס טאַטע, קלמן סאַרקאָמליער. די צוויי יידן זיינען מיט אַ צייט צוריק געווען גאָר גרויסע ידידים. ביידע אין איין עלטער, מיט איין גראַד לומדות און דוכט זיך, אַז זיי טראָגן ביידע איין באָרד. אַ שוואַרצע מיט אַ ווייסן פלעק אויף דער גאָמבע. ביידע זיינען געווען וואַלד־סוחרים און קלמן פלעגט כמעט יעדן טאָג קומען צו שכנאן מיט אַ טרויעריק פנים. ער איז שוין ווידער פאַרפלאָנטערט מיט זיינע וואַלד־עסקים, גאָט דער לעבעדיקער ווייסט ווי ער וועט אָפּשניידן. שכנא, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר אַ ייד אַ חכם, האָט קלמנען גערופן „פושער", ווייל ער האָט קיינמאָל נישט געהערט זיינע קלוגע עצות. שכנא פלעגט פשוט חוזק מאַכן פון קלמנען.

דערפאַר פלעגט קלמן שטענדיק דערציילן שכנאן וועגן זיין מיידל, וועגן גענענדלען, וואָס פאַר אַ מענטש זי איז, אַז איר קאָפּ איז פייער־פלאַם. אַ גאון. וואָלט זי געווען אַ ייִנגל, וואָלט ער, קלמן, זיכער געהאַט אַ זון, אַ גרויסן רב. גענענדל פירט אַליין אָן מיט איר קלאַס אין דער גימנאַזיע. די פּראָפעסאָרן זאָגן אויף איר אַזעלכעס און אַזעלכעס. דאָס פלעגט קלמן תמיד דערציילן, ווי אַ טרייסט פאַר זיך, פאַר זיינע צרות, און צוּוויטנס, זאָל שכנא נישט מיי־נען, אַז ער און זיין משפּחה זיינען אַזעלכע שלימזלען. ניין. אָט איז זיין קינד, זיין גענענדל און וואָס פאַר אַ קאָפּ!

ווען גענענדל איז טאַקע אַהיים געקומען פון דער גימנאַזיע מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל, וואָס קלמן האָט די ערשטע צען מינוט נישט געגלייבט, נישט זיינע אויגן און נישט זיינע אויערן: זיין גענענדל — אַ גאָלדענעם מעדאַל! איז ער גלייך אַוועקגעלאָפן צו שכנאן. אים דערציילט וועגן זיין גרויס נחת, אַז זיין גענענדל האָט געקריגן דעם גאָלדענעם מעדאַל, זאָל ער זען, שכנא, ווער קלמן איז און ווער זיין קינד.

און טאַקע דערפאַר, וואָס שכנא האָט אַזוי ווייניק געהאַלטן פון קלמן סאַרקאַמליער, האָט ער עס, אַ פאַרוואונדערטער, דערציילט ביים טיש פאַר זיין ווייב און קינדער: „דעם קלמנס מיידל, גענענדל הייסט זי, האָט גע־ענדיקט די גימנאַזיע מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל. אַז מען ענדיקט מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל מוז מען באמת האָבן אַן אָפענעם קאָפּ. אַ וואונדערלעכע זאַך!".

אין שטאָט האָט מען שוין וועגן דעם געדיכט גערעדט. געוועזן יידן, וואָס האָבן זיך אויסערגעוויינלעך געפרייט: „אַ יידיש קינד האָט געקריגן אַ גאָל־דענעם מעדאַל, איז אַ סימן, אַז דער אַנטיסעמיטיזם ברעכט דעם קאַרק". ניסן האָט אייגנטלעך דאָס שוין געהערט אין גאַס, נאָר עס איז אים נישט אַריין אין קאָפּ, ער האָט דאָס עפּעס נישט תופס געווען. איצט אָבער ווי ער האָט עס געהערט פון זיין טאַטן און ווי אַזוי זיין טאַטע האָט עס דערציילט, האָט אים אַ גרויסע פרייד דורכגענומען: „איין קלייניקייט, אַ מיידל און אַ יידיש מיידל האָט געקריגן אַ גאָלדענעם מעדאַל" און אַז דאָס מיידל איז גענענדל, קלמנס מיידל. קלמן איז אים געווען גענוג היימיש. פלעגט דאָך קלמן דאָ זיין טאָג ביי טאָג. קלמן איז היימיש און ער פילט שוין גענענדלען אויך פאַר אַ היימישע, כאָטש ער קען איר גאָרנישט. ער האָט שוין טאַקע

דעם געדאַנק און דעם חשק מיט איר זיך צו באַקענען און ניסן איז אַזעלכער, אַז קוים פאַלט אים עפּעס איין, מוז ער עס גלייך דורכפירן. די מינוט ווערט אים צו לאַנג.

ניסן האָט אַזוי לאַנג זיך אַרומגעדרייט פאַר קלמנס הויז ביז קלמן איז אַנגעקומען. אַ פרייד.

— וואָס טוסטו דאָ, ניסן?

— אָט גייט מען אַזוי . . .

— קום זשע, ניסן, אַרויף אין שטוב, אַז דו ביסט שוין דאָ.

— גענענדל, גענענדל! — האָט קלמן גערופן — גענענדל! דער יינגער־מאַן איז שכנא רינגלס זון. איך קען אים זינט ער איז געבוירן געוואָרן.

ניסן איז געווען שטאַרק צעטומלט פון זען גענענדלען און פון שטיין אַזוי באַענט צו איר . . . זיין איידעלע טונקעלע הויט איז געווען גערויטלט. אַפילו די שפּיצן פון זיינע אויערן האָבן געפלאַמט. ער איז געווען איבערראַשט און זי האָט נאָר געשמייכלט. זי האָט אים געוויזן אויף איר גאָלדענעם מעדאַל, וואָס איז געהאַנגען אויף אַ טאַשמע, אויף דער וואַנט. ער האָט אַ צעפלאַמטער געקוקט צום מעדאַל און זי האָט גאָר פשוט געזאָגט:

— ס'איז גאָרנישט. דער עיקר איז דער מענטש . . .

און זי האָט אים געבעטן, ער זאָל אָפט קומען. ער איז געווען אַ פאַר־כישופטער . . .



שטאָט האָט זיך געוויצלט, אָבער גענענדל מיט ניסנען האָבן חתונה געהאַט.

דאָס פאָרפאָלק האָט זיך גאָר ליב געהאַט. ניסן האָט געהאַט אין גענענדלס אויגן אַלע חנען פון אַ שיין יינגל, פון אַ טייער יינגל, אָבער איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער איז צו שטאַרק געצערטלט, אַז ער ווייסט אַפילו נישט ווי אַזוי צו באַזאָרגן זיין פאַמיליע, איר האָט זיך אַפילו געדאַכט, אַז ער איז עפּעס אַזוי געצערטלט, אַז ער קען זיך אַפילו נישט נישט אַראָפּבויגן, אויפצוהויבן אַ שטרוי פון ערד. זי האָט דאָך געזען אין אים ווי זאַרגלאָז ער איז, ווי דעליקאַט און עלעגאַנט. זי האָט עס אים חלילה נישט אויסגערעדט. ווי

קען מען עס אַזאַ שײן ײנגל און אַזױ פרי נאָך דער חתונה אױסרײדן אַזאַ זאַך. ער קען נאָך אפשר אַנטלױפן . . . זי האָט אים נאָר געזאָגט מיט אַנצוהערעניש:

— ניסעלע, צי שטעלסטו זיך כאָטש פאָר, װאָס איך מיט מײן גאָלדענעם מעדאַל װאָלט איצט געטאָן, װען איך װאָלט נישט חתונה געהאַט? אין װעלכן אוניװערסיטעט איך װאָלט איצט געלערנט און װי װײט איך װאָלט איצט געהאַלטן? צי שטעלסטו זיך פאָר ניסעלע? האָב איך פון אַלע גליקן מיט דיר חתונה געהאַט . . .

אין דעם ניגונדל װי זי האָט איצט אױסגעזונגען „ניסעלע" און „ניסעלע" און װאָס זי װאָלט אַלץ געטאָן, װען זי װאָלט נישט חתונה געהאַט, האָט ער אַרױסגעהערט אַ שפּאַס. זי שפּאַסט פון אים, האַלט פון אים גאָרנישט, זי קוקט אױף אים זײער נישט גוט. דאָס האָט אים זײער װײ געטאָן. ער האָט עס איר אָבער נישט אױסגערעדט. ער האָט מורא געהאַט, װי ער װאָלט נאָך נישט געװען זיכער מיט איר, כאָטש זי האָט שױן געשװאָנגערט . . .

פּונקט צום יאָר פון דער חתונה האָט גענענדל געבױרן אַ קינד, אַ שײן מײדעלע, דער גאַנצער ניסן. זײן נאָז, זײנע אױגן, זײנע ליפּן. ניסן איז געװען שטאָלץ מיט זײן טעכטערל, מיט פײגעלען, װאָס גערופן האָט מען איר פעלקעלע. ער האָט געקוקט צו גענענדלען. ער האָט געװאָלט זען צי עס פאַרדריסט איר נישט, װאָס דאָס קינד איז ענלעך צו אים. קלאָר איז עס אים נישט געװאָרן. טאַטע־מאַמע האָבן זיך געשפּילט מיטן קינד. ניסן איז געװען אַ ביסל אומעטיק, װאָס דערװײל האָט ער נאָך נישט קײן באַשעפטיקונג, װאָס דערװײל לעבט ער מיט זײן װײב און קינד פון דעם, װאָס זײן טאַטע גיט אים אַלעמאָל אַ ביסל געלט. דערזיף איז ניסן געװען אַ ביסל אומעטיק. איז ער טאַקע אַזאַ שלימזל? ער װײסט אַלײן נישט. גענענדל האָט אים יעדע מינוט גערופן, ער זאָל זען דאָס קינד.

— טאַטע! טאַטע! — האָט זי געלאַכט — גיב אַ קוק אױף דײן קינד.

און אין אײן מינוט שפּעטער האָט גענענדל שױן גאָר אַנדערש אױסגעזען, װי עפּעס אַן עלטערע גענענדל און זי האָט אַזױ חוזק געמאַכט:

— װאָס מאַכט עפּעס דײן טאַטעשי?

ניסן האָט עס געפילט װי אַ שטאָך מיט זײן טאַטעשי, װאָס האַלט אים אױס . . . ער האָט עס איר געװאָלט זאָגן, זיך פּשוט בעטן בײ איר, אַז זי

זאָל אַזוי נישט ריידן. ער האָט פּלוצלונג מורא געקריגן. ער האָט מורא געהאַט קוים וועט זי ווערן צאָרנדיק . . .

*****

אַז ער איז געוואָרן אַ זיידע, האָט שכנא געזען, אַז די חתונה ניסנס איז גאָרנישט געווען קיין געלעכטער . . . עס איז שוין דאָ אַ קינד אויך, אַ טייער קינד, אַ מלכותדיק מיידעלע און קיין פּרנסה איז נאָך אַלץ ביי זיי נישטאָ. וואָס־זשע וועט זיין דער תכלית? ער האָט גענומען ניסנען און אַריינגעפאָרן מיט אים קיין לאָדזש. וואָלט היינט וואַלד־מסחר געווען ווי אין די גוטע צייטן, וואָלט אים גאָר אַזאַ געדאַנק אַריינצופאָרן קיין לאָדזש נישט איינגעפאַלן. ער וואָלט ניסנען אַריינגענומען צו זיך אין וואַלד און ניסן וואָלט געוואָרן אַ מענטש. איז דאָך אָבער נישט אַזוי. פאַרוואָס אָבער לאָדזש און פאַרוואָס עפּעס מאַנופאַקטור? עס איז גאָר פּשוט. אין לאָדזש געפינען זיך זיינע אַלטע ידידים. אַמאָל פלעגט ער זיך מיט זיי זייער אָפט זען ביים רבין. זיי אַלע מאַכן עפּעס דאָרט אין לאָדזש ביי מאַנופאַקטור און גראָד מיט אַ צוויי טעג צוריק, האָט ער געהערט, אַז מעכעלע זילבער, מעכעלע גראָדזשיסקער שפּילט אין לאָדזש גאָר אַ גרויסע ראָליע. ער איז גאָר אַ טוך־פאַבריקאַנט. הכלל, מען דאַרף אַריינפאָרן.

אַ האַלבע שעה נאָכן אַראָפּגיין פון באַן, זיינען זיי שוין געווען אין מעכעלעס גרויסן געשעפט, אין פאַבריקס־מאַגאַזין. קינדער אין גאַס האָבן גוט געוואוסט, ווער עס איז מעכעלע זילבער און וואו זיין געשעפט געפינט זיך. זיי זיינען געלאָפן פאָראויס מיט שמחה. שכנא מיטן זון זיינען אַריין אין אַ רחבות, אין אַ בלענדעניש. זיי האָבן נאָך אַזעלכעס נישט געזען. און די צוויי פריינט, שכנא און מעכעלע האָבן זיך אַזוי דערפרייט, אַז די משרתים זיינען זיך אָנגעלאָפן זען, וואָס עס האָט פּאַסירט.

— שלום עליכם שכנא, וואָס טוסטו אין לאָדזש?

— שלום עליכם, מעכעלע, ווי גייען די געשעפטן?

— נו? — האָט מעכעלע מיט אַ וואונק געפרעגט וועגן יינגנמאַן.

— מיין זון. ניסן.

— וואָס זעט מען דיר גאָרנישט, שכנא? איך האָב דיר שוין אַ פּאָר יאָר נישט געטראָפן ביים רבין.

ביידע יידן האָבן זיך גוט באַקוקט. אין מעכעלעס אויגן איז שכנא דער אייגענער שכנא, נאָר ער איז אַ ביסל ברוגזלעך . . . מעכעלע ווידער איז אין שכנאס אויגן אויך געווען דער זעלביקער וואָס שטענדיק, נאָר דאָס געלע בערדל איז אַ ביסל פאַרוויסט און פון שמייכל איז געוואָרן אַ הויך געלעכטערל.

מעכעלע האָט אַריינגערעדט לאַכנדיק אין טעלעפאָן:

—פעסעלע? איך קום מיט צוויי געסט צום מיטאָג. וואוילע יידן, טייערע יידן. מיינער אַ ידיד, שכנא שעדלעצער און זיין זון, ניסן. אַזוי? זייער שיין.

מעכעלע האָט הייס געלאַכט.

— זייט־זשע מוחל און קומט אַריין אין קאַבינעט, וועלן מיר אַ שמועס טאָן.

שכנא האָט דערציילט מעכעלען, אַז ער איז געקומען קיין לאָדזש מאַכן זיין ניסנען פאַר אַ מאַנופאַקטור־סוחר.

מעכעלע האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן:

— און וואָס איז מיט דיינע וועלדער?

— קאַליע געוואָרן.

— אַזוי! קאַליע געוואָרן!

— דער עיקר, ייִנגערמאַן — האָט מעכעלע געלאַכט — נישט געזאָרגט. זאָרג איז אַ מיאוסע מידה.

מעכעלע האָט טאַקע איצט גענומען ניסנען אין דער אַרבעט. ער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס עס איז אַזוינס באַגוול און וואָס עס איז וואָל און אויב וואָל, זיינען איצט פאַראַן מדרגות און איצט האָט ער ניסנען געגעבן צו פאַרשטיין די חכמה פון מסחר, אַפילו ווי מען דאַרף ריידן צו אַ קונה. מען טאָר זיך נישט צופיל גרויסן און מען טאָר אויך נישט זיך צופיל אַראָפּלאָזן.

מעכעלע האָט פאַר שכנאן האַרציק געלאַכט, ווי ער האָט זיין ניסנען אויסגעלערנט די גאַנצע „תורה" על רגל אחת.

מעכעלע האָט ניסנען ממש מחיה געווען. ער האָט דאָך פריער שוין געהאַט אַ מראה פון גרין און געל. איצט זעט ער דאָך אויס אַ מענטש. מע־כעלע האָט ניסנען אויפגערודערט און ניסן שפּירט שוין, ווי ער ווערט אַ סוחר.

איצט גלויבט ער. פריער איז ער סתם מיטגעפאָרן מיטן טאַטן. איצט האָט ער אַ הנאה פון דער רייזע.

*
**

ניסן האָט געפלאַטערט, דערציילנדיק גענענדלען, וואָס עס איז גע־וואָרן אין לאָדזש. ער האָט געשטראַלט. ער האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט איצט געקומען פון אַ קור־אָרט. ער איז געווען זייער פריילעך. דאָ האָט ער דערציילט גענענדלען די אַלע מעשיות מיט ניסים און דאָ האָט ער געסמאָצ־קעט צו פעלקעלען, גערעדט צום קינד.

גענענדל איז אויך געווען פריילעך. פונדעסטוועגן האָט זיך עס איר נישט געגלויבט, אַז עס וועט עפּעס דערפון אַרויסקומען. עס האָט זיך איר פּשוט אַראָפּגעגליטשט פון דער צונג:

— דער טאַטע וועט כאַטש וועלן שטיין אין געוועלב?..

עס האָט איר אמת באַלד באַנג געטאָן, וואָס זי האָט אַרויסגעפּלוידערט.

און אים האָט דאָס ווײ געטאָן. עס האָט אים אויף איר פאַרדראָסן. ער האָט געזען אין איר שוין אַ צו שטאַרקע חוצפּה און ער האָט אויך אין איר איצט געזען, אַז זי איז גאָר אַ מיאוסע . . .

*
**

שכנא מיט ניסנען האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבערן שטאָט צו געפינען אַ קליין לעדיק געוועלבל. אויפן וועג איז ניסן געוואָרן גאָר לעבעדיק און ער האָט געוואָלט גאָר אַ גרויס געוועלב. שכנא ווידער האָט געוואָלט וואָס אַ קלע־נער געוועלבל. ער איז געווען אינגאַנצן צעבראָכן. ער האָט אַלעמאָל אַרויפ־געקוקט צו ניסנען. האָט דאָך שכנא דאָ ריזיקירט מיט זיין זשירע און וואָס ריזיקירט דאָ ניסן?.. דער טאַטע און דער זון האָבן זיך שוין געקריגט און עס האָט שוין געהאַלטן דערביי זיי זאָלן זיך פאַנאַנדערגיין מיט גאָרנישט. מען האָט געמאַכט אַ פּשרה. מען האָט גענומען אַ מיטל געוועלב. דורכ־געקומען.

שכנא האָט געשיקט אַ סטאָליער צו פאַרקלאַפּן די לעכער אין דיל, נישט אַריינצולאָזן די מייז. ניסן ווידער האָט באַשטעלט ביים מאלער אַ שילד

מיטן אױסגעמאָלטן: „ניסן רינגעל" און איצט האָט שכנא אָװעקגעשריבן קײן לאָדזש צו מעכעלע זילבער, ער זאָל אַרױסשיקן די סחורה.

אַלץ איז געװען פּאַרטיק. דער שילד האָט אַראָפּגעשײנט מיט „ניסן רינגעל" און טרעגערס האָבן אַרײנגעטראָגן אין געװעלב די באַלן מיט שניט־סחורה. שטאָט האָט געזען. ס'איז געװען אין מיטן דער װאַרשעװער גאַס.

צומאָרגנס אינדערפרי האָט דאָ געראָיעט מיט מענטשן. ניסנס געװעלב איז געװען געפּאַקט מיט מענטשן. װאָס קומט דאָ פּאָר? פּעלט שױן אױס שניט־סחורה אין שטאָט? די אַלטע מאַנופאַקטור־סוחרים זײנען געװען אױף טױט דערשראָקן און דאָ: מען גײט. אײנער אַרױס, אַ צװײטער אַרײן. די מענטשן, װאָס קומען אַרױס פון ניסנס געװעלב זײנען אַנטציקט. איצט האָבן זײ געזען אַ ראַיעלן סוחר און די סחורה איז אַ מציאה.

שכנא האָט געהיטן ניסנען, ער זאָל נישט זײן קײן „ײנגל". שכנא ריזיקירט דאָך מיט זײן אונטערשריפט און מיט װאָס ריזיקירט ניסן? לױט שכנאן קען נאָך אַזאַ ניסן פאַרטאַכלעװען די סחורה פאַר אַ האַלבן פּרײז. שכנא האָט געציטערט װי אַ פיש אין װאַסער. ער איז געשטאַנען לעבן ניסנען און כסדר אַרײנגעקוקט אין מעכעלעס פּרײז־קוראַנט, װי ער װאָלט אַרײנגעקוקט אין אַ סידור בײם דאַװנען. אָבער שכנא איז געװען אַנטציקט. ער איז געװען אױסער זיך: איז דאָס ניסן? דאָס איז דאָך אַ מענטש מיט אַ ישוב־הדעת! װי ער געדענק דאָס אין די פּרײזן אױף אױסנװײניק! ניסן זעט דאָך אױס װי אַן אַלטער סוחר! שכנא האָט אַרײנגעשמײכלט אין דער באָרד.

אַז גענענדל מיט איר טאַטן, קלמן סאַרקאָמליער, זײנען צוגעקומען האָבן זײ באַלד נישט געקענט אַרײנגײן. עס איז נישט געװען מעגלעך אַרײנצוגײן. זײ האָבן געמוזט װאַרטן ביז מענטשן זײנען פון דאָרט אַרױס. אַנגענעם איז עס נישט געװען, נישט פאַר גענענדלען און נישט פאַר איר פאָטער. גענענדל האָט זיך געפילט שלעכט, װאָס זי װאַרט אין דרױסן. איז זי דאָך גענענדל! קײן פּרעטענזיע האָט זי אָבער צו קײנעם נישט געקענט האָבן, אַפילו נישט צו ניסנען. קלמן װידער האָט זיך געפילט שלעכט, װאָס זײן מחותן איז דאָ דער גאַנצער באַלעבאָס און ער, קלמן, װאָס איז ער?

אַז ניסן איז אַהײם געקומען אין אָװנט, אין ערשטן אָװנט אַלס סוחר, האָט ער גלײך, אַ צעשטראַלטער און אַ טאַנצנדיקער, דערצײלט גענענדלען,

וואָס עס איז געווען און אַז זיין טאַטע זאָגט, אַז דאָס זיינען אַלץ בלויז ניסים.

— אָבער אַ סך האָט אויך געהאָלפן — האָט גענענדל דערויף געזאָגט — מיין נאָמען . . . איך בין זיכער, אַז אַ סך זיינען געקומען צוליב מיר . . .

ניסן האָט געלאַכט. זי האָט געזען אין זיין געלעכטערל, ווי עפּעס אַ חוזקל, האָט עס איר פאַרדראָסן, האָט ער זיך ווידער געפילט שלעכט, וואָס גענענדל האָט פאַרדרוס.

## 2

ניסן האָט איבערגעטראָגן זיין געשעפט אויף דער זעלביקער גאַס, אויף דער וואַרשעווער גאַס, אין ריכטיקן שפּיגל פון דער גאַס, וואו עס איז דער שפּאַציר איבערן ברייטן טראָטואַר, וואו עס גייט פאַרביי דער גרויסער עולם „אוזשענדניקעס״ פון די קאַנצעלאַריעס. דאָס נייע געוועלב איז פינף, אָדער זעקס, אָדער זיבן מאָל גרעסער ווי דאָס פריערדיקע. די סחורה דאָ שיינט אַראָפּ פון די שענק און צו דעם פירט מען איצט אַריין דעם נייעם טראַנספּאָרט. פאַרן געוועלב זיינען געהאַנגען דריי שילדן מיט „ניסן רינגעל״ און אויפן לייוונטענעם „דאַך״, וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזט, ווען די זון האָט געברענט, איז אויך געווען אויסגעמאָלט „ניסן רינגעל״. אין געוועלב און פאַרן געוועלב האָט דאָ געראָיעט מיט מענטשן.

די פירמע „ניסן רינגעל״ האָט זיך גוט איינגעקריצט ביי די מענטשן, כאָטש זי איז מער נישט אַלט ווי פיר יאָר, נישט נאָר פאַר איר מזל און הצלחה, נאָר אויך דערפאַר און מייסטנס דערפאַר, וואָס ניסן רינגעל איז אַ קאָפּ, אַ גע־ניאַל־פעאיקער מענטש, אַן אויסערגעוויינלעך אינטעליגענטער און ענערגי־שער מענטש און דער עיקר דער גרויסער ראָיעלער סוחר, ער האָט די בעס־טע סחורה און שטעלט זיך דעם קלענסטן פּראָפיט.

***

גענענדל מיט די קינדער זיינען היינט צוגעגאַנגען צום געוועלב. זי איז געגאַנגען אָן חשק, אָבער די קינדער האָבן דאָס געוואָלט און עס האָט, באַ־זונדעס, געפּאַסט אַזוי.

די קינדער זיינען געגאַנגען מיט גרויס פרייד. פעלקע האָט געהאַלטן

ביי דער האַנט די קליינע סאַניעטשקע, וואָס האָט נאָר געוואָלט לויפן פאָראויס. פעלקע איז שוין געווען אַ גרויס מיידעלע, אַלט געווען פיר מיט אַ האַלב יאָר. סאַניעטשקעלע איז נאָר אַלט געווען דריי יאָר. ביידע זיינען געווען גאַנץ שיינע קינדער. פעלקע מער געראָטן אין טאַטן און סאַניעטשקע מער ענלעך אין דער מאַמען. ביידע קינדער זיינען געווען שטאַרק איינגעליבט אין דער מאַמען. פעלקע האָט זיך געפילט ווי די עלטערע, ווי די אַפּיטרופּסין איבער סאַניעטשקעלען, איבערן דראַבנעם שוועסטערל מיט די בלויע אייגלעך.

אַפילו ווען זיי זיינען שוין געווען האַרט לעבן געוועלב, האָט גענענדל זיך שטאַרק געגלוסט צוריקצוגיין. די דריי שילדן מיטן „ניסן רינגעל" און אויך אויפן לייוונטענעם דעכל דער „ניס רינגעל" זיינען איר מיאוס געווען. די קינדער וואָלטן איר געגעבן אַ צוריקגיין!

אָבער עפּעס אַ מאָדנע זאַך. גענענדל האָט איצט געקוקט אַזוי צו ניסנען און ס'האָט זיך איר געדוכט, אַז ווי ער איז איצט, זעט זי אים צום ערשטן מאָל. איז דאָס נישט מאָדנע? איז זי אַזאַ „גאַפּ", וואָס זי זעט נישט ריכטיק איר אייגענעם מאַן? איז ער דען היינט דאָס ערשטע מאָל אַזוי? מאָדנע. איז ער ניסן? עס זעט אויס יאָ און ניין. גיכער זעט ער אויס אויף ניסנס אַן עלטערן ברודער. ער איז עפּעס מאָדנע אויסגעגלייכט, ווי ער וואָלט זיך אַזוי געהאַלטן מיט אַלע זיינע כוחות. אַפילו דאָס בערדעלע איז אויך אַנדערש. דאָ איז עפּעס מער אָנגעצויגן און די אויגן אויך אַנדערש. זיי קוקן אַנדערש ווי אין דער היים און איצט, וואָס פאַר אַ לשון רעדט ער עס?

די קינדער האָבן אים אויך מאָדנע אָנגעקוקט. ער האָט געגעבן דעם קינד אַ גלעט און דעם אַנדערן קינד אַ גלעט. ער האָט זיי עפּעס געזאָגט. זיי האָבן אים מאָדנע אָנגעקוקט און זיינען אומעטיקע צוגעגאַנגען צו דער מאַמען. ניסן איז זיי נאָכגעגאַנגען און ער האָט עפּעס געזאָגט גענענדלען. זי האָט אַזש אַ צאַפּל געטאָן: וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּראַך? עס איז עפּעס יאָ יידיש און עס איז נישט. אויסגעטראַכטע ווערטער. זי האָט גענומען די קינדער און אַרויס פון געוועלב. זי האָט זיך מחיה געווען, דאַכט זיך די קינדער אויך אַזוי. פעלקע האָט נאָר געקוקט צו דער מאַמען, איר געפרעגט:

—מאַמע, מאַמע, וואָס האָט דער טאַטע געמיינט? ער האָט עפּעס גערעדט „פּיטי פּעטי".

גענענדל האָט געפילט, אַז זי זעט אויס פאַרשעמט, דאָך האָט זי געלאַכט

צו פעלקען. פעלקע איז שוין אַ גרויס מיידעלע, האָט זי זעט אויס עפּעס פאַרשטאַנען דער מאַמען און אויך געלאַכט און סאָניעטשקע ווידער האָט דווקא געוואָלט וויסן, וואָס מען לאַכט.

אין אָוונט, אין דער היים, האָט גענענדל גוט זיך איינגעקוקט אין ניסנען. פעלקע האָט אים אויך נאָכגעקוקט. גענענדל האָט עס אים געמוזט פרעגן, עס האָט איר געצוואונגען:

— וואָס איז עס פאַר אַ שפּראַך, וואָס דו האָסט היינט גערעדט צו מיר אין געוועלב?

ער איז געוואָרן רויט. ער האָט זיך געפילט ווי זי האָט געצילט דערמיט אים צו באַליידיקן. ער האָט זי בייז אָנגעקוקט.

⁂

ס'איז געווען פאַרשטענדלעך, וואָס ניסן רינגעל האָט אָנגעהויבן זיך שטאַרק צוצובויגן צו געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. ער שניידט זיך צו זיין אַ כלל־טוער. נישט קיין חידוש. וויפל ס'זיינען אין שטאָט פאַראַן אינ־סטיטוציעס האָבן זיי זיך באַמיט צוצוציען צו זיך ניסן רינגעל און דאָס איז אויך געווען פאַרשטענדלעך. נישט געווען אין שטאָט קיין צווייטער ניסן רינגעל, אַ מענטש מיט אַזאַ אָנזען אין שטאָט און זאָל האָבן אַזאַ חשק צו טאָן אויך פאַרן נויטבאַדערפטיקן. אַזאַ ניסן רינגעל האָט דאָך אַ ווירקונג אויף מענטשן ווי מאַגנעט אויף אייזן. ער איז דאָך אַ ברכה פאַר דער אינ־סטיטוציע.

אַ מאָדנע זאַך. אָט די אַלע בריוו, וואָס זיינען געווען צו אים געשריבן בלויז וועגן נדבה, האָט ער אָפּגעלעגט אין אַ זייט, אָדער זיי פאַרניכטעט. גאָר אַנדערש איז געווען מיט די בריוו, אַז ער זאָל זיך פאַראינטערעסירן מיט דער לאַגע פון דער אינסטיטוציע, קומען צו זייערע זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג, קומען צו זייערע פאַרזאַמלונגען פון די מיטגלידער, העלפן זיי אויפקלערן די מיטגלידער אין די הייליקע צילן פון דער אינסטיטוציע. דאָס האָט ער זייער גערן אָנגענומען. די געלט־נדבה איז דאָך געווען זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אָבער דאָס ערשטע, וואָס ער פילט פאַר זיין חוב, איז העלפן דער אינסטיטוציע, דער אָרגאַניזאַציע מיט אַרבעט. ניסן רינגעל איז אַריין

מיט לייב און לעבן אין דער טעטיקייט פון עטלעכע חברות. ער וועט נאָך קומען אויך צו די איבעריקע. אַלע זיינען פאַר אים טייער. ניסן פלעגט דע־ריבער שוין ווייניקער זיין אין דער היים. באַלד נאָך אָוונט־ברויט פלעגט ער זיך פאַרנעמען צו גיין. ער פלעגט פריער דורכקוקן די בריוו כדי צו וויסן וואו ער האָט היינט צו גיין. ער האָט נאָך פריער אויך פאַרברענגט איינער אַליין אין קאַבינעט צו באַטראַכטן, וואָס ער האָט דאָרט צו ריידן.

בריוו זיינען געקומען יעדן טאָג גאַנצע פעק סיי אין געוועלב אַריין און סיי אין שטוב. טייל האָבן געשיקט גאָר טאָפּלט, דאָ און דאָ. געגענדל פלעגט שמייכלען איבערלייענענדיק די קאָנווערטן מיט די בריוו, וואָס זיי־נען אָנגעקומען אין שטוב. עס האָט געשווינדלט פאַר די אויגן מיט „ניסן רינגעל און ניסל רינגעל" . . . איצט די איינלאַדונגען צו קאָנצערטן אָדער באַנקעטן זיינען אַלע געווען: „פאַרן הער רינגעל און זיין פרוי" . . . אוי, האָט זי דערפון געלאַכט. ניסן האָט עס דערלעבט!

יעדעס מאָל, וואָס ניסן האָט איר געזאָגט וועגן אַ קאָנצערט אָדער באַנקעט, אַז זי דאַרף אויך גיין, ווייל אויך זי איז איינגעלאַדן, האָט זי גע־לאַכט, ווייל:

— די איינלאַדונגען זיינען נישט צו מיר . . .

דאָס האָט ניסנען באַליידיקט. ס'האָט אים פאַרדראָסן, וואָרן דאָס הייסט דאָך, אַז זי שטערט אים, אָדער זי וויל אים שטערן. ער האָט געברענט פון כעס. ער וועט זיך נישט לאָזן פון איר. ער האָט זיך געפילט צו שטאַרק געבונדן מיט דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. עס איז נישט געווען דער טאָג, ווען ס'זאָלן נישט קומען צו אים אין געשעפט די מענטשן פון פאַרשיידענע אינסטיטוציעס. איינער מיטן באַריכט, דער צווייטער מיטן פּלאַן פון דער ווייטערדיקער טעטיקייט, דער דריטער מיט אַ בינטל צרות, מיט קרעכצן און זיפצן, אַז ס'איז נישט גוט. יעדער פון זיי איז אים געווען צום האַרצן. ער איז געווען אַ טייל פון זיי. ער האָט וועגן זיי אַ סך געזאָרגט. ער איז געווען זייער צופרידן, וואָס זיי קומען צו אים און פאַרדרייען אים דעם קאָפּ. ער האָט שטענדיק געהאַט וואָס צו זאָגן און די פאָרשטייערס זיינען יעדער פון אים, אַוועקגעגאַנגען העכסט צופרידן מיט דעם, וואָס ער האָט זיי געזאָגט. דער בעסטער טאָג פלעגט פאַר אים זיין, ווען מען האָט אים דער־מאָנט, אַז היינט דאַרף ער האַלטן אַ רעדע. ער האָט זיך דעמאָלט זייער גוט

געפילט, כאָטש פון דער אַנדערער זייט איז עס אים געווען געוואַלדיק שווער, עס האָט אים געדריקט ווי ער וואָלט געטראָגן אויף זיך אַ שאַרפן גאַרסעט. ער האָט דעם גאַנצן טאָג זיך געחזרט די רעדע, אַפילו אין געוועלב, אַפילו אין שטוב.

און די גענענדל האָט גאָר געלאַכט. זי האָט געלאַכט פון ניסנען, וואָס זיצט אין קאַבינעט, אָדער ער טראַכט, אָדער ער לערנט זיך אַ רעדע. זי וואָלט עס פון אים אָפן געלאַכט, איז ער אָבער לעצטנס ווי משוגע, אַזוי נערוועז...

ניסן האָט אָבער אין קאַבינעט געהערט חוזקוואַטע געלעכטער פון גע־נענדלען מיט די קינדער. עס האָט אים אונטערגעטראָגן. די פוסטקייט פון זיין ווייב איז שוין צו שרעקלעך. זי לאַכט דאָך פון אַלץ, וואָס ער טוט, צי ער טראַכט, צי ער לייענט עפּעס. זי פייניקט אים. עס איז אים שוין נישט איין מאָל איינגעפאַלן איר צו גטן און איר סוף־כל־סוף פטור ווערן. ער וואָלט זיך דעמאָלט גאָר אַנדערש געפילט.

ער פלעגט טאַקע צוליב געגענדלען גאַנץ אָפט גיין צו די זיצונגען אָדער גרויסע פאַרזאַמלונגען זייער אַן אויפגערעגטער און פלעגט דעריבער פאַר־געסן, וואָס ער האָט צו ריידן...

***

אין שטאָט האָט זיך עס אַ רעכט ביסל געטומלט, אַז ביי די רינגעלס האַלט ביי אַ גט. ביי אַ גט?! עפּעס אומגלויבלעך. אַ פּאָר פאָלק, וואָס האָט דערלעבט צו אַזאַ גדולה, צו אַזעלכע שיינע קינדער, צו אַזאַ געשעפט און צו אַזאַ אָנזען צווישן מענטשן, זאָל זיך גטן?! אומגלויבלעך. מענטשן האָבן אָבער געזאָגט אַ קלוג וואָרט, אַז זייטיקע מענטשן קענען קיינמאָל נישט וויסן, וואָס עס טוט זיך ביי יענעם אונטער דער פאַרמאַכטער טיר. אָבער דאָך פאַרוואָס און פאַר ווען? אין זאָך וויים מען יאָ, אַז ניסן רינגעל איז שוין כמעט משוגע דערפאַר, וואָס ער איז נאָך נישט געגט. עס איז פאַר אים צו גרויס די מינוט. ער פילט זיך שרעקלעך. אַ פּנים האָט ער שוין ווי ער וואָלט געשלאָפן אויף דער ערד . . . ער האַלט אין איין זאָגן, אַז ער וועט עס נישט אויסהאַלטן, אויב עס וועט נאָך לאַנג דויערן. ער איז שוין עטלעכע טעג ביי טאַטע־מאַמע. אין דער היים קען ער שוין נישט זיין. ער קען נישט

זיך מיט גענענדלען אונטער איין דאַך. אין געשעפט װידער קען ער אויך נישט זיין. ער איז קראַנק. זיין טאַטע, שטייט אין געשעפט, אָבער ער, דער טאַטע זעט אויך אויס װי אַ נישט־דערשלאָפענער.

די גאַנצע שטאָט כמעט האָט עס געהאַלטן מיט ניסנען. אַז ער גט זיך, װייסט ער װאָס ער טוט. ניסן איז נישט קיין משוגענער. אַז מענטשן פּרואװן דערמאָנען, אַז זיין װייב האָט דאָך געהאַט געקריגן אַ גאָלדענעם מעדאַל פון דער גימנאַזיע און דאָס איז דאָך דער בעסטער סימן, אַז זי איז אַ װיכטיקער מענטש, װילן עס דאָך כמעט אַלע מענטשן נישט אָננעמען. מען געדענקט שוין נישט איר גאָלדענעם מעדאַל. מען װיל גאָרנישט טראַכטן װעגן דעם. אַלע האַלטן מיט ניסנען. מען האָט אויף נאָך רחמנות, װאָס ער איז אַזױ אַריינגעפאַלן . . .

איצט זעט מען, אַז ס'זיינען פאַראַן איז שטאָט מענטשן, װאָס האָבן געגוג צייט, דרייען זיך אַרום אין גאַס כדי נאָכצוקוקן אָט װי ניסן לויפט אַרויס פון זיין טאַטנס הויז, זעצט זיך איין אין אַ דראָזשקע און פאָרט אַװעק. ער פאָרט אַזױ צען און פופצן מאָל אין טאָג און אָט זעט מען װידער װי ניסנס קינדער, די צװיי מיידעלעך, נאָך קליינע קינדער, די עלטערע, פעל־קעלע, אַ שיין קינד װי די װעלט, פירט עס איר קלענער שװעסטערל, סאָ־ניעטשקען, װאָס איז יינגער מיט קנאַפּע צװיי יאָר, אַ דראָבנינקע מיידעלע מיט בלויע אייגעלעך. זיי גייען עס ביידע לויפנדיק עטלעכע מאָל אין טאָג אַהין און צוריק און װי זיי זעען אויס די קינדער — יתומים.

מענטשן קוקן זיך דאָס צו מיט גרויס באַדויערן אויף ניסנס מזל און אויף זיינע קינדער.

***

גענענדל איז געװען ביי זיך אין שטוב און גאָרנישט אומעטיק, אַזױ װי זי װאָלט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, װאָס איר שטייט פאָר. זי איז גאָר געזעסן און געלייענט ביכער. זי װיל גאָר איצט װערן אַ סטודענטקע, אַריינ־טרעטן אין אוניװערסיטעט. איר איינפאַל איז גאָר גוט. אַ מאַמע פון צװיי קינדער און אַזאַ אומגליק מיט איר, זיצט זי גאָר איבער גרויסע ביכער, פּרישט אויף אין איר פריערדיקן זכרון, װאָס זי האָט אַלץ געלערנט און װיל גאָר אַריין אין אוניװערסיטעט.

פעלקע האָט היינט געוויינט פאַר דער מאַמען, וואָס דער טאַטע איז נישטאָ. פעלקע האָט געוואָלט, די מאַמע זאָל גיין ברענגען דעם טאַטן. גענענדל האָט זיך נאָך געבייזערט אויפן קינד, זי זאָל איר נישט שטערן.

איר טאַטע, קלמן סאַרקאַמליער איז געקומען צולויפן מיט רעש, וואָס זי זיצט איצט גאָר ביי ביכער.

— דו ביסט משוגע, צי וואָס? גיי אַריבער, רוף אים צום רב, מאַך אים אַ סקאַנדאַל.

גענענדל האָט גאָר געלאַכט פון איר טאַטנס מעשיות:

— ווער האָט דען דיר געזאָגט, אַז איך וויל עס נישט קיין גט?

פון דעם וואָרט אַליין, איז קלמנס פנים געוואָרן זויער און ביטער. אויף דעם האָט ער זיך גאָרנישט געריכט.

***

פון די אַלע דריי נעכט, וואָס ניסן איז געווען ביי די עלטערן, איז די היינטיקע נאַכט געווען די ערגסטע. אַ שטיק ווילדקייט. אַ שרעקעלכע נאַכט. ער איז געווען פאַרכאַפּט פון דער שרעק, אַז ס'איז שוין פאַרפאַלן, ער וועט שוין זיין געגט, ווייל גענענדל וויל נישט אַנדערש . . . גענענדל איז איינגעשפּאַרט . . . .

אין דער גאַנצער נאַכט האָט ער געזעגן זיין שטוב איבערגעדרייט . . . אַלע זאַכן איבערגעקערט. ווי די קינדער זעען עס אויס? ער האָט זיך שרעקלעך געפּייניקט: „איז ער אַ יינגל? איז ער אַ משוגענער? האָט אים ווער געצוואונגען צו זאָגן, אַז ער וועט זיך גטן?.. אַ מינוט שפּעטער האָט זיך אים פאָרגעשטעלט גענענדל זייער שיין, ווי אַ כלה. זי גרייט זיך צו איר חתונה . . .

ניסן האָט קוים דערלעבט, עס זאָל ווערן טאָג. ער האָט קיינעם נישט געזאָגט, וואָס ער טראַכט אַזוינס. גאָרנישט. ער איז געווען געוואַלדיק אָפּגעשוואַכט.

פעלקע מיט סאָניעטשקען זיינען אַריינגעקומען. ער האָט זיך זייער געפרייט מיט זייער אַריינקומען. פעלקע האָט אָפּגעלאָזט סאָניעטשקעס הענטל,

זי איז צו צום טאַטן, צוגעבויגן צו זיין אויער, אַריינגעשעפטשעט: „קום אַהיים!"

ניסן איז לעבעדיק געוואָרן. ער האָט זיך אין דעם אָנגעכאַפּט ווי אין אַ רעטונגס־גאַרטל. ער איז אַראָפּ פון בעט און איז אַוועק מיט די קינדער.

—וואוהין גייסטו עס ניסן? — האָבן טאַטע־מאַמע אים נאָכגערופן.

— איך גיי מיט זיי אַהיים.

טאַטע־מאַמע האָבן זיך אָנגעקוקט. — זיי האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

ניסן האָט געהאַלטן פעלקעלען ביי דער האַנט און געהאַט דאָס גע־פיל, אַז ער שפּאַרט זיך אָן אין איר. די דראָבנענקע סאָניעטשקע מיט די בלויע אייגעלעך איז געלאָפן פאָראויס, געלאָפן אָנזאָגן דער מאַמען, אַז דער טאַטע גייט . . .

מענטשן אין גאַס האָבן זיך אָנגעקוקט און געשטוינט, אָבער אַז ניסן באַשטייט, באַשטייען זיי אַוודאי. די מענטשן האָבן געלאַכט.

# ער האָט זיך עס פּאַרדינט

ישראל אהרן האָט באַלד נאָך דער חתונה פון זיין מירלען געקריגן אַ קרענקונג, וואָס זרח, מירלס מאַן האָט עס דעם שכל און דעם כוח זיך צו באַזעצן ביי אים אויף גאַנצע צוויי יאָר, אויף קעסט. מען דאַרף עס האָבן כוח דערצו!

זרח איז געווען אַ געזונטער יינגערמאַן. זיין פּנים האָט געבליט. ער האָט אויסגעזען אַן אויסגערוטער, ווי אַ אָפּגעציטערט יינגל ביי זיינע טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן אים, זייער טייער קינד אָנפּאַרטרויט צו העכסט אָרנטלעכע מענטשן. זיין שווער, ישראל אהרן, האָט אויסגעזען קעגן אים ווי אַ זקן, אַלט מיט יאָרן און מיט שווערער ביטערער האָרעוואַניע אין זיין שפּייז־געוועלב און נישט נאָר ער אַרבעט, נאָר אַזוי זיין ווייב און אַזוי זיינע אַלע קינדער, אַלע זיינען פאַרקאָפּעט אין געוועלב פון אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט.

און מירל איז נישט געווען ביי אירע טאַטע־מאַמע קיין איין איינציקע. געווען, חוץ איר, נאָך קינדער, יינגלעך און מיידלעך.

און ווען ישראל אהרנען איז אָנגעקומען די דאָזיקע קרענקונג, האָט אים אָנגעכאַפּט דער נערוו: זיינע צוויי אַקסלען האָבן פּלוצלונג זיך אַ הויב געטאָן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט זיך אָפּרייסן פון גוף. ער האָט דעמאָלט זיך צעהוסט מיט אַן אָפּקלאַנג ווי ער וואָלט זיך געקרעקט, ווי געשטיקט מיט אַ ביינדל.

הדס האָט געקענט איר מאַנס נערוו און אַז דאָס נאָר, ווען ער האָט קרענקונג, האָט זי אים געפרעגט:

— ישראל אהרן, וואָס איז?

און וואָס האָט ער געהאַט איר צו זאָגן, אַז ס'שטייט בפירוש געשריבן אין די תנאים וועגן צוויי יאָר קעסט? ער האָט גאָר נישט גערעדט.

זרח האָט אין זיין שווערס שפּייז־געוועלב נישט אַריינגעשמעקט. ערשטנס דערפאַר, ווייל עס האָט זיך אים נישט געגלוסט, ער איז דאָ נישט געקומען אויף קאַטאָרגע . . . און צווייטנס איז ער עס נישט געווען מחויב דערצו. אין די תנאים איז אַזעלכעס נישט געווען איינגעשריבן.

ער האָט זיך געהאַט זיין סדר אין טאָג. דאָ איז ער געגאַנגען אין בית־מדרש אַריין אויף צוויי שעה, אויף פאַרגעניגן, צו טרעפן מענטשן און הערן פון זיי נייעס. נאָך די צוויי שעה, איז מען געגאַנגען אַהיים עסן. מירל האָט אים צוגעגרייט אַ פרישטיק ווי עס האָבן געהאַט אַלע נגידישע איידעמס אין שטאָט. דערנאָך האָט ער זיך אַ ביסל צוגעשפּאַרט אויפן בעט, זיך אויסגערוט. שפּעטער, אַז ער איז אויפגעשטאַנען, האָט ער ביי אַ גלעזל טיי פאַרברענגט מיט מירלען. דאָס פאַרפאַלק האָט זיך זייער ליב געהאַט. זיי האָבן זיך געשפּיגלט, איינער אין אַנדערן. דערנאָך איז ער אַראָפּגעגאַנגען אין גאַס, סתם זיך דורכצוגיין.

ס׳איז געווען דינסטיק און דינסטיק איז געווען מאַרק־טאָג. זרח האָט פון שטענדיק אָן ליב געהאַט מערק און יאַרידן. מאַסן פויערן פון די דערפער זיינען אָנגעקומען אין שטאָט. מען האָט געלייזט אַ סך געלט, מען האָט „געזשאָבט״. קאַטערינקעס און האַרמאַניעס האָבן צוגעשפּילט צום מאַרק, צו דער זשומעריי פון פריילעכן המון.

זרח האָט פונקט אָנגעטראָפן אויף אַ סצענע פון צעווילדעוועטע פויערן מיט קלאָניצעס אין די הענט, זיינען געלאָפן אין געיעג נאָך גנבים. קולות, געוואַלדן: „כאַפּט די גנבים!״ זרח האָט אויף דער דאָזיקער סצענע זיך פאַרגאַפּיעט און אין איין סעקונדע איז ער אַריינגעכאַפּט געוואָרן פון די צעיושעטע פויערן . . .

דער מאַרק האָט געזאָטן. מוזיק אויסגעמישט מיט געוואַלדן. פּאָליציי איז געלאָפן.

***

פונקט אין מיטן פון דער „גראַטשקע״ מיט קונים. ישראל אהרנס געוועלב איז געווען פול מיט פויעריש געזינדל. דינסטיק האָט דער מאַרק זיך געצויגן אַזש אַהער און נאָך ווייטער. אַ ייִנגערמאַן מיט אַ פּאַפּיראָסקעלע אין מויל האָט זיך דורכגעשטויסן, זיך דערשטויסן צו ישראל אהרנען און האָט אים עפּעס אַריינגעסודלט אין אויער. ישראל אהרן, אַ בלאַסער, האָט געטאָן אַ נערוועזן בליק צו דער דערציילער, אַ וויש געטאָן מיט דער האַנט איבערן שוואַרצן בערדל, ווי ער וואָלט זיך באַטראַכט. ער האָט אַ טאָרקע

געטאָן אשרן ביים אַרבל. אשר איז געווען דער צווייטער נאָך מירלען און ער איז געווען דעם טאָטנס רעכטע האַנט.

פונקט אין מיטן דער „גראַטשקע״ מיט קונים זיינען זיי ביידע, אינגאַנצן אָפּגעמעליקטע, אַרויס פון געוועלב.

הדס האָט עפּעס אָנגעהויבן צו שרייען: „וואָס איז דאָס?!״ זיי זיינען שוין אָבער נישט געווען. אשרל איז נאָכגעלאָפן זיין טאַטן, וואָס איז ווי גע־פלויגן. אשר האָט נישט געוואוסט פון גאָרנישט. ער איז נאָכגעלאָפן.

זיי זיינען אַריין אין יידישן שפּיטאָל.

פינצטער איז זיי געוואָרן אין די אויגן דערזעענדיק זייער זרחן, וואָס נאָך מיט אַ שעה צוריק איז ער געווען אַזאַ שיינער בוים. „זרח?!״ — האָבן עס ביידע אויסגעקרעכצט דערשראָקן — „זרח!״ צעקיילט און צעביילט. ברוין און בלויע „שאָסן״ איבערן לייב. ער איז געלעגן, זרח, אַ נאַקעטער און פאַרבאַנדאַזשירטער מיט צוגעמאַכטע אויגן און ליפּן . . .

— וואָס איז געשען?! — האָט ישראל אהרן זיך צעשריען, ווי ער אַליין וואָלט דאָס געוואָלט הערן, וואָרן עס איז דאָך דאָ שוין קיינער נישט געווען, חוץ זרח.

דער לאַנגער וועכטער מיטן ברודיקן ווייסן פאַרטוך, איז דאָ אַריין און האָט דעם ישראל אהרנען פּראָסט פשוט געפרעגט:

— ווער זענט איר עס דאָ, וואָס איר שרייט אַזוי שיין?

— איך בין דאָך דער שווער — האָט ישראל זיך פאַרקרימט אויף צו וויינען, ווייזנדיק מיטן פינגער אויף זרחן.

— וואָס? דער שווער?! — האָט דער לאַנגער וועכטער זיך אין דעם אָנגעכאַפּט — נעם אים אַוועק, דאָ איז נישט קיין ליגעכטס פאַר אַזעלכע.

— אָבער וואָס איז אים? — האָט איצט ישראל אהרן זיך געבעטן ביים וועכטער.

וואָס איז אים? וואָס מיינסטו, ער איז געשטאָרבן? — האָט דער וועכטער חוזק געמאַכט. — פון אַזאַ קלאַפּ שטאַרבט מען נאָך נישט. נעם אים צו.

ישראל אהרנען איז שוין געווען טרוקן אין האַלדז. ער האָט דער־שפּירט זיין נערוו און ער האָט זיך פאַנאַנדערגעקרעקט.

ישראל אהרן איז אַרויס און אשר איז געבליבן וואַרטן. דער וועכטער

האָט נישט אַראָפּגעלאָזט פון אים דאָס אויג, דער משכון זאָל נישט אַנטלויפן.

אַ פּאַרסאָפּעטער איז צוריקגעקומען ישראל אהרן: „מען קען אים שוין נעמען". דער לאַנגער וועכטער האָט זרחן גענומען אויף דער האַנט ווי אַ זויגנדיק קינד. אין דרויסן איז געשטאַנען גרייט אַ פור.

ישראל אהרן האָט אַ זאָג געטאָן צו זיין אשרן: „קריך אַריין. די פור איז אַ ליקעווער פור, וועסט אים אָפּפירן צו זיין טאַטן, צו ריוועלע וואַטע־מאַכער, פאַרשטייסט? זאָלסט נאָך היינט קומען צוריק. האָסט געהערט"?

אשר האָט אויסגעזען פאַרווינט. ער האָט אויסגעזען צעחושט און ער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען וואָס עס קומט דאָ פאָר, פאַרוואָס פירט מען עס זרחן קיין ליקעווע? אַ געוויין איז אים געהאַנגען אין האַלדז, אָבער דער פויער האָט דערלאַנגט איבערן פערד אַ קנאַל מיט דער בייטש. געפאָרן. ישראל אהרן האָט נישט פאַרגעסן צו זאָגן די תפילה „יברכך", אַז דער אויבערשטער זאָל זרחן היטן . . .

***

און אַזוי ווי די פור האָט אָנגעהויבן גיין, האָט דעם גוישן פורמאַן מיטן אָרעמען אָפּגעברענטן פּנים געכאַפּט חרטה און שרעק אויפן גאַנצן „געשעפט". גערעדט האָט מען מיט אים וועגן צוויי מענטשן, לעבעדיקע מענטשן און דאָ איז גאָר איינער אַ „טרופּ" (אַ מת). דאָ האָט ער געשלאָגן דאָס פערד פון שרעק, וואָס שנעלער! ער האָט דאָ אַ „טרופּ"! ס'איז אַ ביטער מזל! און דאָ האָט זיך אים פאַרגלוסט אָפּצושטעלן די פור און אַראָפּוואַרפן זיי ביידן, דעם טויטן מיט זיין שומר. ער וויל זיי נישט.

אשר האָט זיך מוראדיק דערשראָקן פאַר דעם געוויטער אויפן גויס פּנים, ער האָט זיך געשראָקן, ווער ווייס וואָס ער וועט נאָך טאָן. אשר האָט זיך פאַנאַנדערגעווינט. זרח האָט איצט געעפנט זיינע אויגן . . . ער האָט עפּעס גערעדט, אָבער עס איז געווען געבעבעט „ווי די צונג אין אים איז נעבעך געליימט". אשר האָט געוויזן דעם גוי, אַז „ער" לעבט . . . ווי אַ קינד האָט אשר זיך געפרייט. אשר האָט זיך נאָך מער געפרייט, ווען ער האָט דערזען, אַז דער פורמאַן האָט געטאָן אַ לאַך . . . זרחס אויגן האָבן געקוקט ווי זיי וואָלטן געשטוינט אויף עפּעס, געשטוינט ווי די ערד דרייט זיך ווי אַ קאַרוזעלע און ער ליגט אין אַ וואָגן. אשר האָט גערעדט צו אים ווי צו אַ

פיצל קינד: „זרחל, וואָס איז דיר? עס טוט דיר ווי?" האָט אָבער זרח איצט ווידער פאַרמאַכט די אויגן. אַ זיסער שלאָף האָט אים געצויגן, און אשר האָט זיך געצאַפּלט פון אימה.

אָבער דער פורמאַן האָט איצט אויסגעזען לעבעדיק־פריילעך. ער האָט דערזען פאַר זיך ליקעווע און האָט דערזען זיין הייזל, וואָס ליגט דאָרט צווישן די קושאַקעס לעבן בית־עולם. פון פרייד האָט ער דערלאַנגט דעם פערד אַ „ריס" מיט דער בייטש, איז עס געלאָפן טאַנצנדיק און הירזשענדיק. ווי אַן אָדלער אַריין אין ריוועלע וואַטע־מאַכערס געסל און צוגעבערענגט זיי דעם גאַסט ממש צו דער טיר.

אין דער רגע, זיינען אַלע, אַלע פון ריוועלע וואַטע־מאַכערס הויז אַרויס פאַר דער טיר מיט אַ געוואַלד, איידער זיי האָבן נאָך געוואוסט וואָס. די שרעק האָט געטאָן אַ קנאַל אַריין אין שטוב: „מ'האָט זרחן געברענגט!" „טאַקע זרח?!" דער געוואַלד איז גרויס. קרובים און שכנים זיינען גע־לאָפן פון אַלע זייטן. מען האָט אויף שנעל זרחן אַרויסגעכאַפּט פון וואָגן, אים אַריינגעטראָגן און געלעגט אים אויף דער מאַמעס בעט. און דאָ האָבן זיי דערזען אשרלען, זרחס שוואָגערל. זיי געדענקען אים פון דער חתונה. „וואָס טוסטו דאָ?" האָט אים זרחס טאַטע־מאַמע אַריינגענומען אין דער מיט. „וואָס איז דאָ געשען"? אשרל האָט אויף טויט זיך דערשראָקן. סערקעלע מיט דער קאָפּקע אויפן קאָפּ און ריוועלע היטל־מאַכער מיט דער ברייטער ווייסער באָרד, וואָס איז געווען אינגאַנצן אָפּגעשאָטן מיט וואַטע־שטויב האָבן אין זיינע אויגן אויסגעזען ווי זיי מאַכן באַלד פון אים אַ סוף. אַזוי ווילד און גלאָציק זיינען זייערע אויגן געווען צו אים, ווי צו פאַרצוקן אים. דערווייל איז אים, דעם יינגל געשען אַ נס. עס האָט עמיצער אַ געשריי געטאָן, אַז זרח האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָבן זיי די טאַטע־מאַמע אָפּגעלאָזט דעם שוואָגערל און צוגעלאָפן צו זייער קינד. אשרל איז דערווייל אַנטרונען, גלייך אַוועק צום באַן.

ווי גרויס איז געווען דער מאַמעס גליק, ווען זרח האָט אָנגערירט איר פּנים, געהאַלטן די אויגן אויף איר און שטאַמלדיק איר געפרעגט: „מאַמע, וואו בין איך?" און אַזוי ווי ער האָט דאָס געפרעגט אַזוי האָט ער גלייך פאַרמאַכט די אויגן.

די גאַנצע שטוב איז פול געווען מיט מענטשן, אַלץ קרובים און שכנים

און אַלע האָבן געהאַלטן אין איין שיטן מיט קללות, עפּעס אויסטערלישע קללות אויף זיין שוועך און שוויגער.

— און דאָס ווייבעלע? — האָט עמיצער געפרעגט.

דער דאָקטאָר איז אַריינגעקומען מיט אונטערפּירערס.

דער דאָקטאָר, אַ טונקעלער, מיט אַ קרומלעכן קאָפּ, וואָס האָט געמאַכט זיין אויסזען זייער ערנסט, האָט גלייך און אַפילו מיט געבייזער געזאָגט, אַז איידער ער לייגט צו דעם אויער צום קראַנקן, זאָלן אַלע, חוץ טאַטע־מאַמע, פאַרלאָזן די שטוב, ווייל עס איז דאָ אַ שרעקלעכע היץ. אַז דער עולם איז אַרויס האָט דער דאָקטאָר איצט ווידער געוואָלט ווּיסן, וועלכער דאָקטאָר האָט זיך צו אים צוגערירט? און ווען? און ווען האָט מען אים אַזוי צע־שלאָגן?

זרח האָט פּונקט איצט אויפגעעפנט זיינע אויגן און געזען דאָס וואונדער ווי איינער באַטראַכט אים. דער טאַטע און די מאַמע האָבן געגעבן דעם דאָקטאָר צו פאַרשטיין, וואָס דאָ האָט פּאַסירט און זרח האָט צוגעוויזן מיט די פינגער און דער דאָקטאָר האָט דאָך געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין, אַז ער ווייסט נאָך אַלץ נישט. ער האָט זרחן באַטראַכט אויף אַלע זייטן, אין דער לענג און אין דער ברייט.

— אַלזאָ — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט — די לונגען זיינען נישט אָנגערירט, איינמאָל גוט. דאָס האַרץ קלאַפּט נאָרמאַל, איז ווידער גוט. יעדן טאָג אַ פרישן „אפּאַטרונעק". פאַרשטאַנען?

— וואָס איז מיט עסן? — האָט סערקעלע, זרחס מאַמע געוואָלט ווּיסן.

⁂

ישראל אהרן איז אַריין אין געוועלב מיט אַ מינע פון איינעם, וואָס ווייסט פון גאָרנישט, אָבער הדס און מירל האָבן שוין יאָ געוואוסט פון זייער בראָך. מענטשן זיינען עקסטרע געקומען און דערציילט. פון ווייטיק און פון בושה, איז מירל געלעגן אויבן אין שטוב און געוויינט אויף אירע צרות. און איצט רייסט זיך מירל צו פאָרן קיין ליקעווע כאָטש מיטן ערשטן צוג. הדס ווייסט אַליין נישט וואָס צו זאָגן איר. זי איז נאָך קיינמאָל מיט אַזעלכעס נישט געפּרואווט געוואָרן. הדס אַליין איז געוועזן גרין ווי גראָז. צוויי פּייערן

זיינען היינט געווען אויף איר. האָט דאָס געדאַרפט טרעפן פונקט אין מאַרק־טאָג און דאָ איז זי געווען כמעט איינע אַליין צווישן גייעס, צו להכעיס איז דאָ היינט געווען פאַר דריי יאַרידן.

אָבער פונדעסטוועגן ווי זי האָט ישראל אהרנען דערזען ביים גאַנצן יאַריד מיט פויערן, האָט זי אויסגעלאָזט אויף אים אַלע אירע יסורים. זי האָט נישט אויסגעהאַלטן.

— וואָס איז עס געווען פאַר אָפּשיקן זרחן צו זיין טאַטע־מאַמע? וואו זיינען מיר? פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געפרעגט? „ס'איז נאָך אַזעלכעס נישט געווען".

דאָס גליק זיינס, ישראל אהרנס, איז געווען, וואָס קונים זיינען געשטאַנען אַרום אים. ער האָט זיך דערמיט מחיה געווען. געאַרבעט ערנסט, אַריינגעטאָן און פאַרטאָן. ער האָט גאָרנישט געהערט, וואָס זי האָט גערעדט . . .

שפּעטער צו איז אשר געקומען. ישראל אהרן האָט זיך דערפרייט אויפן ערשטן בליק דערזעענדיק אשרן. אשר האָט אויסגעזען ווי אַרויסגע־ריסן זיך פון געפּענגעניש. אַבי ער איז שוין דאָ.

דער יאַריד אין געוועלב איז שוין געווען איינגעשטילט. עס איז שוין געווען אָוונט. די לעצטע קונים האָבן פאַרנומען זייערע אָנגעפּילטע זעקלעך מיט סחורה.

אשרל האָט אַן איבערגעשראָקענער דערציילט, וואָס עס האָט זיך דאָרט אָפּגעטאָן. די געוויינען און די געשרייען. „זיי האָבן געהאַט גאָר צו מיר אַ פּרעטענזיע, בין איך פון זיי אַנטלאָפן".

ישראל אהרן האָט דערביי געטראַכט, אַז דער ייִנג איז גאָר אַ טפש.

— אָבער וואָס איז מיט זרחן? — האָט ישראל אהרן אים געפרעגט מיט כעס.

— בעסער, בעסער. ער רעדט שוין. בעסער.

ישראל אהרן האָט פונדעסטוועגן געהאַלטן, אַז אין דער הייסער מינוט, דאַרף דאָרט מירל נישט זיין. גלייכער אָפּצוואַרטן. ער האָט פאַרלאַנגט פון הדסן, זי זאָל זיך מיט מירלען דורכריידן און איר דאָס זאָגן.

— גיי, זאָג עס איר.

***

סיי זרח און סיי די מאַמע האָבן עס גלייך בײדע דערזען אין פענצטער מירלען גיין. זרח אַ פאַררייטלטער האָט זיך אויפגעזעצט. די מאַמע זיינע האָט עס אַזוי אַ פאַרגאַפטע באַמערקט, וואָס ס׳טוט זיך אָפּ אין זרחס פּנים ווי ער האָט דערזען זיין ווייב . . .

— מירל! — האָט זרח געפּלאַטערט, — מירל, וואָס שטייסטו ביי דער טיר?

מירל האָט אים איצט אויסגעזען אויסערגעוויינלעך ליב.

— וואָס מאַכסטו, זרח? — האָט מירל אים געפרעגט אַזוי שטיל, ווי זי וואָלט קיין כּוח נישט געהאַט און געווען מיד.

— אַריבער די סכּנה — האָט זרח אַ פרייַלעכער איר געענטפערט.

זרחס טאַטע־מאַמע, ריוועלע וואַטע־מאַכער און סערקעלע זיינען מיטגע־ריסן געוואָרן מיט זרחס ליבשאַפט צו מירלען. און אין אמתן, וואָס איז זי דען שולדיק? „ווי דו זעסט עס אויס מירעלע, אַזוי אויסגעבלייכט״.

סערקעלעס שפּיציק קאָפּקעלע האָט נחתדיק געציטערט. זי האָט זיך גענומען אַוועקצושטעלן פאַר מירלען גוטע זאַכן, זי זאָל דערכאַפּן דאָס האַרץ. זי האָט אַוועקגעשטעלט ווישניאַק און איינגעמאַכטס און אַ שיינע גלאָז טיי דאָס איז, אויף דערווייל, פאַר דער וויעטשערע.

לכּבוד מירלען זיינען געקומען קרובֿים און די גוטע שכנים. אַ סך פון זיין האָבן נאָך מירלען נישט געהאַט געזען. זיי האָבן צווישן זיך גערעדט מיט פאַרגעניגן וועגן מירלס שיינקייט. „הערליך שיין״.

זרחס טאַטע מיט דער ברייטער ווייסער באָרד איז איצט געזעסן תּענוגדיק און געטראַכט, אַז דער מחותּן איז גאָרנישט שולדיק. חלילה. עס איז נאָר געווען זיין נאַרישקייט דאָס אָפּשיקן זרחן קיין ליקעווע, אָבער דאָס קומט אין אַ רגע פון צעטומלטקייט. ער האָט זיכער געמיינט נאָר גוטס. פון אָנהויב האָט מען דאָך געטראַכט וועגן מחותּן, באַהיט זאָל מען ווערן, וואָס מען טראַכט אַלץ.

און אָט אַזוי האָט אויך סערקעלע געטראַכט. זי האָט זיך איצט גע־היטן מיט אַ וואָרט. עס קען געשען חלילה, מען זאָל זיך מיט עפּעס אַרויס־כאַפּן און מירלען וועט עס וויי טאָן. דער מחותּן איז גאָרנישט שולדיק.

אַלץ פון הימל. ער האָט גוט געטאָן, וואָס ער האָט זרחלען אַפּגעשיקט. ער האָט דאָך דאָ, זרח, ווי ער האָט דערשמעקט דער מאַמעס שטוב, געעפנט זיינע אויגן. געלויבט צו גאָט.

—איר האָט זיך זייער דערשראָקן? — האָט מירל איידל־שטיל געפרעגט.

— אַלץ הייסט זיך דערשראָקן! — האָט די שוויגער איר געענטפערט.

סיי די שוויגער און סיי דער שווער האָבן געהאַלטן אַז מירעלע האָט דאָס אויך נישט געדאַרפט פרעגן. דאָס קען ברענגען צו רייד און איבעריקע רייד. מען קען זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ נישט פּאַסיק וואָרט, זאָל מען באַהיט ווערן. און צו וואָס? אַלץ איז מן השמים. אַלע האָבן געמיינט נאָר גוטס.

דער עולם פון דער משפּחה האָט זיך דאָ גוט געפילט. עס האָט אויסגעזען שמחהדיק.

— מירל — האָט זרח איר געזאָגט — מירל, דו וועסט שוין דאָ בלייבן.

— איך וועל אַרבעטן — האָט זרח ווייטער געזאָגט — לעבן טאַטן. אַ דירה וועלן מיר נעמען. דיינע זאַכן וועט דיר די מאַמע ברענגען. זי וועט דאָך דיר וועלן זען — האָט זרח צוגעשמייכלט. מירל האָט זיך געפילט דערהויבן.

— איך בלייב, זרח.

***

עס איז אָנגעקומען אַ בריוול פון מירלען, געשריבן צו דער מאַמען. אַ פריילעך בריוול. זי האָט דערמיט דער שטוב מחיה געווען. זי האָט געשריבן ווי זרח זעט אויס, קיין עין־הרע, אַז נאָך אין צוויי טעג וועט ער אַראָפּ פון בעט און איצט ווי אירע „שוויגערעלטערן" זיינען גוט צו איר און אַז זי בלייבט שוין אין ליקעווע. זיי האָבן שוין אַ דירה און „טייערע מאַמע, ווען דו וועסט קומען צו אונז וועסטו זיך אַזוי גוט און מיר מיטברענגען מיינע זאַכן. גרוסן. מירל." דאָס בריוול איז געווען גוט אַריינגעטראָפן. אין די פּאָר טעג, וואָס זי איז דאָרט, האָט מען דאָ אַ סך איבערגעטראַכט . . . געלויבט צו גאָט.

מירלס ברודער, אשרל, יהושיעלע און יצחקל האָבן צווישן זיך אָפּגערעדט אַז זיי וועלן אַראָפּפאָרן צו מירלען אויף אַ שבת. אָבער רישע און עלקע,

די ייִנגסטע אין שטוב, די צוויי מיידעלעך מיט די צעפּעלעך און די שפּיציקע נעזלעך און מיט די נעזלדיקע שטימעלעך האָבן זיך איינגעשפּאַרט, אַז זיי ווילן שוין, גלייך מיט דער מאַמען מיטפאָרן. עס איז שוין ביי זיי אַ געוויין. די מאַמע האָט זיך ביי זיי געבעטן, אַז איצט זאָלן זיי איר צו רו לאָזן און זי זאָגט זיי צו, אַז אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, מען זאָל זיין געזונט, וועלן זיי יאָ מיטפאָרן. זיי זיינען עפּעס שטיל געוואָרן.

ישראל אהרן האָט אויסגעזען אַ געפּלעפּטער. ער האָט זיך עפּעס אַרומגעדרייט זייטיק, זייטיק, ווי ער איז ברוגז. ער האָט אייגנטלעך זיך געדאַרפט פרייען און גאָר שטאַרק פרייען. ער האָט דאָך אַלץ געוואָלט און געצויגן מיטן אָטעם, אַז זרח זאָל אַליין פאַרשטיין, אַז עס איז אוממעגלעך צו עסן ביי אים קעסט די צוויי יאָר. ער האָט דאָך געדאַרפט איצט זיין פריילעך, אָבער ניין. עס איז אים אינעווייניק געווען פינצטער. ער האָט געדרייט אין דער האַנט דאָס בריוול, וואָס איז געשריבן צו דער מאַמען. ער איז אינגאַנצן נישט דערמאָנט און אָט, עס האָט אים אָנגעכאַפּט דער נערוו און עפּעס מאָדנע זיך צעקרעקט, ערגער פון שטענדיק.

— ישראל אהרן, וואָס איז? — האָט הדס אים געפרעגט.

האָט ער דען געקענט ענטפערן? עס איז אים געווען זייער נישט אָנגענעם. ער האָט זיך זייער שלעכט געפילט.

***

הדס איז געגאַנגען צום באַן, אָנגעטאָן, ווי זי וואָלט געפאָרן צו אַ גרויסער שמחה ביי אירס אַ קינד. מיטן זיידענעם שוואַרצן שאַל און אין נייעם וואָלענעם קלייד, וואָס זי האָט עס געמאַכט צו מירלס חתונה. זי האָט מיט גאָרנישט אויסגעזען ווי אַ קרעמערקע, נאָר ווי אַ ווייב פון אַ וואַלד־סוחר.

איר פּנים האָט געשיינט.

די פרייד מיט דער מאַמען איז געווען אויסערגעוויינלעך. מירל מיט מאַמען האָבן זיך הייס צעקושט און אויך זרח האָט זיך שטאַרק געפרייט מיט דער שוויגער.

הדסן איז זייער געפעלן געוואָרן די דירה די קינדערס. ליכטיק און דאָס קיכל האָט טויזנט טעמים. אַן אַנטיק. אָבער נאָך מער איז הדסן גע־

פעלן געוואָרן דאָס קומען צוליב איר פון מחותן מיט דער מחותנתטע. ווי זיי האָבן זיך עס מיט איר געפרייט און ווי זיי האָבן זיך עס געפרייט מיט מירלען. מען האָט איר נישט אַנדערש ווי גערופן: „מירעלע״, „זאָל מירע־לע זיין אַזוי גוט״ און מען האָט חלילה נישט דערמאָנט מיט איין וואָרט אַפילו וועגן דער עוולה וואָס זרח האָט ביי זיי געהאַט. זי האָט זיך אויף דעם יאָ געריכט. זי איז געווען אַזוי דורכגענומען פון דער גוטער וואַרעמקייט און מענטשלעכקייט, אַז זי האָט אַ ביסעלע געוויינט. זי האָט דאָס ביסעלע געוויינט צוליב צוויי זאַכן: פון נחת, וואָס זי האָט פון די קינדער, און אַז דער אויבערשטער האָט אַזוי געהאָלפן מיט זרחן, וואָס ער איז אַרויס פון דער סכנה און ווי ער זעט עס אויס קיין עין הרע, אָבער זי האָט אויך געוויינט פון פאַרדרוס אויף איר מאַן, אויף איר מזל, וואָס דער ישראל אהרן האָט נאָר געוואָלט, אַז די קינדער זאָלן נישט זיין ביי אים . . . וויפל זי האָט דערפון געליטן. וואָס וואָלט איר איצט געפעלט, ווען זיי וואָלטן געווען ביי איר און די מחותנים וואָלטן איצט ביי איר געווען צו גאַסט! איצט איז מירל גאָר אַ ליקעווערין, אויס שעדלעצערין!

הדס האָט מירלען געבערענגט אַלע זאַכן און נאָך בעסער, זי האָט נאָך דערצו צוגעקויפט עטלעכע נייע זאַכן. זאָל זי עס נאָר טראָגן מיט געזונט.

יעדער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן אַ געדינגעריי מיט דער מאַמען. מירל און זרח האָבן געוואָלט, אַז די מאַמע זאָל נאָך נישט אַהיים פאָרן און די מאַמע האָט זיי צוגעזאָגט, אַז זי בלייבט נאָך היינטיקן טאָג, מאָרגן פאָרט זי שוין זיכער אַהיים.

מען האָט דער מאַמען באַגלייט צום באַן מיט שמחה און כבוד.

***

די קינדער זיינען געשטאַנען אַרום דער מאַמען און אָנגעקוואָלן פון דעם, וואָס זי דערציילט עס אַלץ פון מירלען. זיי האָבן דער מאַמען מקנא גע־ווען, וואָס זי איז שוין ביי מירלען געווען.

ישראל אהרן איז עפּעס געווען ביי דעם אַלעמען גאָר צעטומלט. ער האָט גאָר נישט גערעדט. ער האָט נאָר געקוקט צו הדסן און עפּעס אַזוי ווי טרויעריק.

אַז די קינדער זיינען נישט געשטאַנען דערביי, האָט ישראל אהרן גע־מאַכט מיט הדסן אַ שמועס:

— ווי־זשע מיינסטו, זאָל איך צופאָרן? איך האָב שטאַרק חשק און איך מיין, אַז אַנדערש פּאַסט גאָרנישט. וואָס־זשע זאָגסטו, הדס?

— אַזאַ קלוגע בין איך נישט — האָט אים הדס געענטפערט, וואָס האָט אים צעמישט.

— איך האָב דאָך דיר געפרעגט — איז ער צוגעשטאַנען.

— ווי דו פאַרשטייסט.

— דו ביסט אַ מאָדנער מענטש.

— איך קען דיר נאָר זאָגן, ישראל אהרן, אַז מען האָט דאָרט אונזער כבוד חלילה מיט גאָרנישט אָנגערירט.

— וועל איך טאַקע צופאָרן. אויב נישט וואָלט עס נישט שיין געווען. איך וועל צופאָרן אם ירצה השם איבערמאָרגן.

ישראל אהרן איז איבערמאָרגן נישט געפאָרן און אַפילו נישט צוויי מאָל איבערמאָרגן. ער האָט נישט געהאַט קיין מוט. אַזוי איז ער אין גע־וועלב געווען אַ גאַנצער בריה. ער האָט געקענט הויבן און טראָגן קאַסטנס און זעק און ווי ס׳איז געקומען צופאָרן קיין ליקעווע האָט ער זיך דערשפּירט שוואַך ווי אַ קינד פון אַ יאָר. אָבער ער איז פאָרט געפאָרן. ער האָט זיך געשטאַרקט.

***

ביי דער קינדערס טיר האָט ישראל אהרנען אָנגעכאַפּט זיין נערוו. זיינע אַקסלען האָבן זיך געריסן פון אים און ער האָט זיך עפּעס אַזוי צע־קרעקט, אַ שרעק. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און ער איז מיט אימפּעט אַריין אינעווייניק.

— שלום עליכם, קינדער! — איז ישראל אהרן דערמיט אַריין אין שטוב מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט — וואָס מאַכסטו זרח, וואָס מאַכסטו, מירל?

ער האָט אַפילו דערצו געשמייכלט, אָבער נישט זרח און נישט מירל האָבן עפּעס געענטפערט. דאָס יאָ, זרח האָט אים אָנגעקוקט:

— ווער זענט איר עס? — זרחס פּנים האָט אויסגעזען ווי ער איז

פאַרוואונדערט, ווי ער וואָלט איצט דאָס ערשטע מאָל געזען דעם מענטש.

ישראל אהרן האָט זיך געפילט ווי צום פּלאַצן. אַ שווייס האָט שוין גע־ברענט זיין לייב.

— וואָס איז געשען, קינדער? — זיין קול איז געווען פול מיט געוויין.

זרח און מירל האָבן אים מאָדנע אָנגעקוקט.

ישראל אהרנען האָט אַרומגענומען אַ ווייטיק אויף מירלען און אויף זרחן. זיי זיינען דאָך נעבעך צערודערט . . .

און אויב אַזוי מוז ער דאָך אַרויס אין גאַס עמעצן זען. עס איז דאָך שלעכט... אָבער איידער אַריינצוגיין צום מחותן, איז ער אַוועק קיין שעדלעץ, דערציילן דאָס הדסן. פריער פון אַלץ, מוז ער זען הדסן.

אַ צעבראָכענער מענטש איז ישראל אהרן צוגעגאַנגען צו זיין געוועלב, נישט אַריינגעגאַנגען אינעווייניק, נאָר אַרויסגערופן הדסן פון געוועלב אַרויס.

די קינדער האָבן צווישן זיך געשושקעט, ווייל דעם טאַטנס פּנים איז געווען שוואַרץ ווי קויל.

— הדס, עס איז נישט גוט — האָט ישראל אהרן שטיל אָבער וויי־נענדיק גערעדט צו זיין ווייב.

— וואָס איז געשען?! — האָט הדס זיך דערשראָקן — וואָס אַזוינס?

— זיי זיינען נעבעך ביידע צערודערט.

— וואָס רעדסטו, ישראל אהרן? וואָס איז ווידער צושטאַנד געקומען אין די פּאָר טעג, וויי איז צו מיר?

— רעד שוין גאָרנישט. זייערע אויגן, זייערע אויגן — אַ שרעק, משוגעים . . .

—מוז איך שוין לויפן, וויי צו מיר.

הדס איז שנעל אַרויף אין שטוב, עפּעס זיך איבערגעטאָן. איצט האָט זי נישט אויסגעזען ווי אַ קרעמערקע, נאָר ווי אַ בעטלערקע, נעבעך.

אַז זי איז אָנגעקומען אין ליקעווע, איז זי דאָ געגאַנגען געלאָסן, גע־קוקט געלאָסן, געוואָלט הערן וואָס מענטשן ריידן. פונדעסטוועגן, אין אַזאַ שטעטל ווי ליקעווע, אַז אַ פּאָרפאָלק איז משוגע געוואָרן דאַרפן מענטשן וועגן דעם ריידן און נאָך אַ זאַך, זי האָט נישט געהאַט קיין כוח שנעלער צו גיין. זי איז געווען ביי זיך שטאַרק געפאַלן.

— מאַמע?! מאַמע?! וואָס איז? — האָט סיי מירל און סיי זרח זיך אָנגעכאַפּט — וואָס?

— זאָגט מיר, קינדער, קורץ און קלאָר — האָט הדס שנעל גערעדט — וואָס איז דאָ געווען מיטן טאַטן?

—וואָס?! — האָבן בײדע געשטוינט — וואָס, דער טאַטע איז דאָ געווען?!

—וואָס, ער איז גאָרנישט געווען? — איז הדס געווען אויסער זיך.

— מיר וויסן פון גאָרנישט — האָבן זיי בײדע גלייך געענטפערט.

אַז די מאַמע איז שוין ווידער דאָ, איז ווידער אַמאָל געווען אַ שמחה אין שטוב. מילא, מירל האָט געמאַכט צוליב דער מאַמען אַ מיטאָג, מעדני מלך, אַז די מאַמע האָט זיך געוואונדערט „איך האָב געמיינט, אַז דו קענסט נישט קאָכן".

און ביי דער גאַנצער שמחה מיט דער מאַמען זיינען די קינדער פונ־דעסטוועגן געווען גאַנץ טרויעריק. וואָס פאַר אַ מענטש איז עס עפּעס גע־וואָרן פון טאַטן? ער האָט גערעדט צו אַנדערע און ער האָט געמיינט, אַז ער רעדט צו אונז . . . וואָס איז ער פאַראַ מענטש?!

הדס איז שוין אויך געוואָרן טרויעריק.

מען האָט איר ווידער באַגלייט צום באַן. די מאַמע איז אַוועקגעפאָרן, נישט אין אַזאַ גוט געמיט. אפשר דאַרף זי מיט ישראל־אהרנען אַריינ־גיין צום דאָקטאָר?

⁂

די קינדער און ישראל אהרן זיינען געשטאַנען אַרום דער מאַמען: נו, וואָס הערט זיך? און הדס האָט איצט כסדר געקוקט צו אים, צו ישראל אהרנען: וואָס איז טאַקע מיט אים? זי האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן די קינדער, געקוקט צו דעם און צו דעם, אפשר וועט מען איר עפּעס זאָגן.

רישע און עלקע, די צוויי קינדערלעך האָבן געוויינט ווי פּיצלעך קינדער: מאַמע, וואָס איז מיט מירעלען?

אשרל איז געווען בלאַס ווי קאַלך און געקוקט צו דער מאַמען.

און ישראל אהרן האָט אויך געמאָנט פון הדסן, זי זאָל עפּעס זאָגן.

— וואָס איז ביי דיר אַ רענדל, אַ וואָרט?

— הערטס כאַטש, קינדער, אָבער הערטס, ישראל אהרן, דו ביסט געווען אין ליקעווע ?

— דו ביסט געווען ביי די קינדער ?

ישראל אהרן איז געווען בלאַס ווי דער טויט.

— וואָס, הדס ? — האָט ישראל אהרן געפרעגט — וואָס אַזוינס ?

— עס איז דאָרט קיין עין־הרע אַ נחת, אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט געוואָרן. זיי האָבן מיר מאָדנע אָנגעקוקט, ווען זיי האָבן געהערט פון מיר, אַז דער טאַטע איז ביי זיי געווען. ווען ?! האָבןביידע זיך געוואונ־דערט. ער האָט געמוזט גאָר ביי אַנדערע מענטשן . . .

די קינדער האָבן ווילד זיך צעלאַכט. ישראל אהרן האָט עפּעס געזאָגט, אָבער דאָס געלעכטער איז געווען אַ סך העכער. ער האָט עס געהאַט ביי זיי אַ פּנים, חוזק !! און עס האָט זיי הנאה געטאָן אויפן טאַטנס אויסזען . . .

# אַזאַ פּלאָנטער

ביי די צוויי ברידער, לייזער און הערצקע מיט זייערע ווייבער, און דעסט־גלייכן ביי זייערע דריי שוועסטער מיט זייערע מאַנען, איז געווען אַ געוואַלדיקע פאַרביטערונג, כמעט אַ שנאה צו דאָנעקן, צו זייער עלטסטן ברודער. עס איז געווען גאָר פאַרשטענדלעך. יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ גרויסע משפּחה, אַ שטוב מיט קינדער. גרויסע, קלענערע און גאָר קליינע און די פּרנסה איז ביי יעדן פון זיי געווען אַ צו־קליינע, אַ צו־שמאָלע. אָרעמע בעלי־מלאכות. דער ברודער דאָנעק ווידער איז געווען דער גביר און נישט דערפאַר, ווייל זיי האָבן עס געהאַט אַזאַ איינרעדעניש, נאָר די גאַנצע שטאָט האָט דאָס גע־וואוסט, אָבער ער האָט פון זיי נישט געוואָלט וויסן.

לייזער און הערצקע און זייערע דריי שוועסטער האָבן אַלץ געטאָן דאָנעקן צו דערנענטערן, אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזט. זיי פלעגן אים פאַרבעטן אויף אַלע זייערע שמחות. ער איז קיינמאָל נישט געקומען און נישט אַפילו צוגעשיקט אַ מתנהלע, פאַר אַ גראָשן די ווערט. זיינען זיי ווידער אַליין, אומגעבעטן, געקומען צו דאָנעקן. הענע־רחל, די שוועגערין האָט דעמאָלט נאָך געלעבט. זי גראָד, די שוועגערין, האָט זיי אויפגענומען גאַנץ לייטיש, ווי עס פּירט זיך און ווי עס פּאַסט זיך און ער, דער לייבלעכער ברודער, האָט גלייך געקריגן אַ פאַרקרימט פּנים. ער האָט שרעקלעך אויסגעגלאָצט אויף זיי די אויגן, נאָכגעקוקט זייערע טריט, זייער יעדן ריר מיט די הענט. ער האָט זיי געגעסן מיט די אויגן. מיט פאַרקלעמטע הערצער זיינען זיי אַוועק פון זייער ברודער און מער שוין נישט געקומען. אָבער אַז מען איז געוואָרן אַ ביסל עלטער, קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן און דאָנעק ווידער איז שוין געווען קרוב זיבעציק, אָן קינד און רינד און אָן אַ ווייב, האָבן זיי שוין, די ברידער און די שוועסטער זייער אַ סך געטראַכט וועגן זייער דאָנעקן און גאָרנישט מיט אַזאַ שנאה. דאָנעק איז פאָרט געווען זייער ברודער און זיין פאַרמעגן וועט דאָנעק פאָרט קיין אַנדערן נישט אַוועקגעבן. זיי האָבן טאָג און נאַכט, צווישן זיך געפרעגט, וואָס עס הערט זיך ביי דאָנעקן . . . זייער זאָרג

איז איצט געווען זייער גרויס. קיין הייזער האָט דאַנעק נישט געהאַט. ביי זיי ווי ביי דער גאַנצער שטאָט איז געווען די מיינונג, אַז דאַנעק איז „אָנגעשטאָפּט" מיט גאָלד און אַז דאָס גאָלד האַלט ער אין שטוב, ער האַלט עס לעבן זיך... ער איז איינער אַליין אין דער דירה מיטן גאָלד. דאָס גרעסטע אומגליק קען זיי געשען . . .

זייער גרויסע האָפענונג איז געווען די ירושה. יעדער פון זיין האָט גע־האַט אַ גרויסע משפחה.

אָט וועגן דעם האָבן זיי געטראַכט און געזאָרגט.

***

לייזער האָט די זאַך זיך מער גענומען צום האַרצן. לייזער איז געווען אַ הייסער מענטש. דערצו האָט ער זייער קונציק גערעדט און ליב געהאַט צו ריידן. ער האָט תמיד גערעדט צו זיין ייִנגערן ברודער, צו הערצקען, צו זיינע שוועס־טער און צו זיינע שוואָגערס, אַז זיי זאָלן עס נישט האַלטן פאַר קליין, אַז באַהיט זאָל מען ווערן, מען קען ווערן אין איין מינוט אינגאַנצן אָפּגעבערענט, אָדער באַרויבט. דאַנעק איז אַן אַלטער מאַן. ער איז שוין נישט דאָס וואָס ער איז געווען. ער דערהערט שוין נישט און ער דערזעט נישט. און עס קען בכלל מיט אים אַליין עפּעס געשען. ער איז דאָך נאָר אַ מענטש און אַ זקן . . ."

— באַרעכנטס נאָר דאָס אַלץ . . .

— וואָס־זשע זאָל מען טאָן? — האָבן זיי אים געפרעגט.

לייזער האָט פאַרלאַנגט, אַז די מענער זאָלן אַרויס פון זייער אַרבעט. וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט עס דען אונזער גאַנצע אַרבעט, קעגן דער ירושה?.. „איצט דאַרפן מיר נאָר היטן אונזער פאַרמעגן" . . .

ער האָט זיי געזאָגט, לייזער, אַז מען וועט דאַרפן נאַכט ביי נאַכט, די גאַנצע נעכט היטן דאַנעקס הויז . . . עס איז טאַקע שווער, אָבער מען מוז דאָס און, אַז ביינטאָג וועט מען אויך האָבן וואָס צו טאָן. „וואָס מיינט איר, עס איז אַ געלעכטער?"

הערצקע האָט שטאַרק געלאַכט פון לייזערס אָנגעברייטע מעשיות וועגן דאַנעקס גאָלד און, אַז דאַנעק האַלט שוין ביי צומאַכן די אויגן . . . הערצקע איז געווען ייִנגער פון לייזערן און אַ ייִנגלערישער פון לייזערן.

לײזער איז געװוען זײער אַן ערנסטער און הערצקע האָט נאָר געלאַכט. פֿונ־דעסטװעגן האָט הערצקע צוגעזאָגט לײזערן, אַז ער איז מיט אים. עס איז אים געװוען פּשוט טשעקאַװע צו זען װאָס אַזױנס דער לײזער װעט טאָן. ער האָט ליב געהאַט אין לײזערן דאָס משוגעת . . . אַז כּדי צו היטן דאַנעקס הױז און צו ראַטעװען די ירושה װעט לײזער נישט שלאָפֿן, נישט עסן און נישט טרינקען. לײזער װעט די זאַך שױן נישט אָפּלאָזן. הערצקע האָט געזאָגט זײן ברודער: „איך בין מיט דיר . . .״ דערפֿאַר האָבן די דרײ שװאָגערס װי אמתע פּױערן, געשאָקלט מיט די קעפּ אױף „נײן״. זײ גײען נישט אױף אַזעלכע זאַכן. לײזער האָט זיך אױף זײ אָנגעבײזערט און זײ די „פּױערן״ האָבן װײטער זיך געהאַלטן בײ „נײן״. זײ נישט, און הערצקע האָט געלאַכט.

באַשעלע, הערצקעס װײב, אַ שטילע און שעמעװדיקע, איז איצט צום ערשטן מאָל אַרױסגעטרעטן קעגן איר מאַן. איר געפֿעלט עס נישט, אַז הערצ־קע זאָל זיך אַרומדרײען אין די נעכט אַרום דאַנעקס הױז. מען קען זיך אַזױ יאָרן אַרומדרײען . . . לײזער האָט זיך געװאַלדיק אױפֿגערעגט. זײנע אױגן האָבן שױן געבלישטשעט. הערצקען איז שטאַרק געפֿעלן זײן באַשעלעס רײדן, װי קלוג זי האָט עס גערעדט. ער איז אָבער אױך געװוען מיט לײזערן, מיט זײן אַרט רײדן, מיט זײן „משוגעת״. ער האָט דערפֿאַר אַזױ געזאָגט, הערצקע: „קודם, זאָלן מיר אַריבערגײן צו דאַנעקן״. „ער איז דאָך פּאָרט אַ ברודער. מען װעט מיט אים רײדן. ער װעט דאָך אונז נישט אָננעמען בײם קאָפּ״. לײזער האָט געשריגן, אַז דאָס טױג נישט. הערצקע האָט װידער באַמערקט, אַז זײן באַשעלע האַלט שטאַרק פֿון דעם, װאָס ער האָט געזאָגט. ער האָט דערפֿאַר נאָך אַמאָל גערעדט און גאָר הױך און די דרײ שװאָגערס, װאָס זײנען ביז אַהער געזעסן װי דרײ שטײנער, האָבן אױך צוגעשאָקלט מיט זײערע קעפּ אױף „יאָ״. איז געבליבן אַז גײן װעלן נאָר דרײ. גענוג דרײ. װעלן גײן לײזער און הערצקע און זײער עלטסטע שװעסטער, רישע־לאנע. זי איז דאָך די גאַנצע צײט די מליץ־יושרטע אױף דאַנעקן, די גוט זאָגערין אױף איר ברודער, אַז װאָס די שטאָט זאָגט אױף אים איז נישט ריכטיק. „דאָס זײנען נישט־פֿאַרגינערס און אױך די ברידערלעך און די שװעסטערלעך זײנען שולדיק, װאָס דאַנעק איז אַזױ צו זײ״ . . . מילא, אַז זי זאָגט אַזױ, אפשר איז זי גערעכט, זאָל זי איצט זײן די אױפֿטוערקע. מען פֿאַרגינט עס איר.



זיי האָבן לאַנג געקלאַפּט אין דער טיר. אויף רישע־לאַנעס הויכע קין־באַקן איז שוין אויפגעגאַנגען אַ רויטקייט פון פאַרשעמטקייט. זי איז דאָך דאַנעקס מליץ־יושרטע. הערצקע ווידער האָט שוין געלאַכט, ווייל ער זעט דאָך ווי זיי זעען אויס און, ווען ער זעט אַזעלכע פּנימער לאַכט ער.

אָבער דאַנעק האָט זיך באַוויזן אין פענצטער, קוקט, ווער עס זיינען די קלאַפּערס . . . דאַנעק האָט געעפנט די טיר. ווי דאַנעק זעט עס נעבעך אויס! עס איז דאָך גאָרנישט דער זעלבער דאַנעק. ער זעט דאָך אויס ווי ער פאַלט פון די פיס. אַלט, איינגעבויגן. ער קוקט זיי אָן. אַ ביסל הייסט עס, אַז ער דערזעט שוין שלעכט און אַ ביסל הייסט עס: „איר זעט כאָטש ווי איך זע אויס? . .“

זיי זיינען טאַקע געוווען גערירט.

— וואָס מאַכסטו, דאַנעק?

— וואָס איז מיט דיר, וואָס דו זעסט אַזוי אויס?

— אפשר דיר עפּעס ברענגען?

— אפשר זאָל מען מיט דיר זיין?

— אפשר זאָלסטו אַריבערקומען צו אונז?

דאַנעק האָט פון זיי נישט אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגן, וואָס זיי קוקן ווידער אַזוי די גאַנצע צייט צום קאַסטן. וואָס האָבן זיי אַזוינס דערזען אין קאַסטן?... דאָס איז אים גאָרנישט געפעלן. ער האָט צו זיי געמאַכט מיט דער האַנט, אַז דאָס אַלץ, וואָס זיי האָבן אים פאָרגעלייגט דאַרף ער נישט.

ענדלעך האָט לייזער זיך אויסגעגלייכט, ער איז געוווען ווייס ווי קאַלך און ער האָט אָנגעהויבן עפּעס צו ריידן צו דאַנעקן, וואָס האָט דאַנעקן אויפ־געריסן, ווי פון אַ טיפן שלאָף. ער האָט אַ פאַרוואונדערטער אים אָנגעקוקט.

— מען איז געקומען צו דיר, טייערער דאַנעק, ווי ברידער און שוועס־טער צו זייער ברודער. מיר האָבן מורא פאַר דיין געזונט. עס טוט אונז וויי ווי דו זעסט אויס. אונז פאַרדריסט דיין איינזאַמקייט. מיר ווילן מיט דיר זיין, אָבער אויב, ליבער ברודער, דו ביסט דאָך איינגעשפּאַרט, ווילסט ווייַ־טער זיין איינער אַליין אין דער דירה, נעם־זשע נישט פאַר שלעכט אונזערע רייד. דו ביסט שוין אויף דער עלטער. דו ביסט שוואַך. דיין פאַרמעגן איז

שוין היינט נישט אַזוי זיכער ווי עס איז געווען . . . טייל עס צווישן אונז פאַנאַנדער . . . ס׳פירט זיך דאָך אַזוי אויף דער וועלט״ . . .

דאַנעק האָט אַלץ געקוקט צום רעדנער. זיינע אויגן האָבן אויסגעזען ווי פאַרשלאָפענע, אַז אָט וועט דאַנעק באַלד גאָר אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ, אָבער דאָ האָט דאַנעק עפּעס גערעדט. ער הט גערעדט זייער שטיל. זיי האָבן גע־מוזט זיך צו אים צובויגן. ער האָט גערעדט זייער שטיל:

— איר זענט משוגעים, צו אַלדע שוואַרץ יאָר . . . גייט געזונטערהייט!

רישע־לאַנע האָט דערהערט וואָס איר טייערער ברודער האָט אַזוינס גערעדט, איז זי געוואָרן אויפגעקאָכט און האָט זיך הויך אויפן קול פאַנאַנדער־געוויינט. דאַנעק האָט זיך ווי אַ ווילדער אויפגעריסן און זיי מיט זיין גאַנצן קערפּער געשטופּט צו דער טיר און אַריבער די שוועל. „פּאַשאָל וואָן!״

דאָס ערשטע האָט הערצקע געלאַכט. אַפילו דאָס איז אים געפעלן גע־וואָרן. אַ מאָדנער יינגל! אָבער לייזער מיט רישע־לאַנען האָבן זיך נישט געקענט אָנקוקן. רישע־לאַנע האָט איצט איינגעזען, וואָס דאַנעק איז אַזוינס.

***

לייזער און הערצקע האָבן גאַנצע נעכט געוואַכט אַרום דאַנעקס הויז און ס׳האָט זיך זיי כסדר געדוכט, אַז פון דער אַנדערער זייט גייען מענטשן, זיינען זיי געגאַנגען צוריק. זייערע הערצער האָבן געציטערט, אַז עס קען עפּעס שלעכטס, זיי אַליין געשען . . . מאַלע וואָס: רויבערס, אָדער דאַנעק אַליין קען אַרויסקומען צו זיי מיט אַ האַק אין האַנט. לייזער איז גאַרנישט מיד געוואָרן. אַן אייזערנער מענטש. הערצקע אָבער איז געפאַלן. ער האָט שוין קיין כוח נישט געהאַט. ער האָט זיך לייזערן נאָכגעשלעפּט. לייזער האָט אים געהאַלטן ביי דער האַנט.

לייזער האָט דאָך אויך אויסגעזען אויסטערליש שלעכט. איין קליינ־קייט! מען שלאָפט נישט! לייזערס קין־באַקן האָבן זיך שטאַרק אויסגע־שפּיצט. די אויגן בלישטשען ווי שטערנס אין אַ ווינטער־נאַכט, נאָר הערצקע זעט אויס טויזנט מאָל ערגער. ער קען שוין נישט גיין מיט די פיס. מען דערקענט דאָך אים גאָרנישט. מען גלויבט דאָך גאָרנישט, אַז דער מענטש איז הערצקע.

אַחוץ די נעכט האָבן זיי נאָך געהאַט אַ סך וואָס צו טאָן בייטאָג. מען האָט געדאַרפט גיין איבער דער שטאָט און פאַרשוואַרצן דאַנעקס פּנים. אפשר וועט שטאָט זיך אַריינמישן, אפשר וועט דאַנעק דאָס דערהערן, וואָס זיי טוען אים פאַר אַ שלעכטס, וועט ער, דאַנעק, זיך באַרעכענען, אַז עס לוינט שוין נישט מער . . .

אָבער הערצקע האָט שוין נישט געקענט אַזוי אַרבעטן מיט לייזערן. לייזער איז דאָך עפּעס אייזן, אָבער הערצקע האָט שוין נישט קיין כּוח. ביינאַכט און בייטאָג קען ער נישט. ער פאַלט. באַשעלע, הערצקעס ווייב האָט עס געמאַכט דאָס גרויסע קול אויף דעם לייזערן, אַז נישט אַנדערש ווי ער איז משוגע. לייזער ווידער האָט געשריען, שיעור נישט געוויינט, אַז די גאַנצע ירושה וועט אַזוי אַרום גיין אין „דער ערד אַריין" . . . איז הערצקען ווידער געפעלן געוואָרן ווי לייזער רעדט עס, ווי ער זעט עס אויס און ער האָט דאָס געזאָגט:

— איך וועל זיך אָפּרוען עטלעכע טעג און דערנאָך, לייזער, גיי איך מיט דיר אויך בייטאָג.

⁂

לייזער מיט הערצקען זיינען אַוועק צום רב. וואָס דען איז אַ רב, אויב נישט אָנצונעמען זיך פאַר די אָרעמערע. אַז דאַנעק האָט דאָס גאָלד און ער וויל גאָרנישט וויסן פון זיינע שוועסטער און פון זיינע ברידער, זאָל דער רב אים אַרויסרופן און ריידן צו אים גאַנץ שאַרף. דער רב, דער הדרת פּנים־דיקער, מיט דער שיינער רויט־גרויער באָרד, האָט עפּעס מאָדנע געקוקט אויף די צוויי פאַרשוינבען, וואָס זעען אויס ווי די אמתע מדינה־גייערס, אָבער ווי לייזער האָט אָנגעהויבן ריידן און „דאַנעק", „דאַנעק", האָט דער רב זיך גלייך אויפגעשטעלט און דער שטערן איז אים שוין געווען טיף געשקנייטשט.

— איך בעט איך — האָט דער רב זיי געזאָגט — לאָזט מיר צורו מיט דאַנעקן. שוין ווידער דאַנעק!

לייזער האָט דאָך וויטער גערעדט, אָבער דער רב האָט זיי ביידן געפירט צו דער טיר. הערצקען אַפילו האָט דאָס פאַרדראָסן, האָט ער דאָך געטענהט צום רב. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. ביי דער טיר האָט דער רב זיי געזאָגט איין פאַרשטענדלעך וואָרט:

— צוליב אייער דאַנעקן איז מיין באָרד גרוי געוואָרן . . .

אַוודאי איז עס געווען קאַלעמוטנע נאָך אַזאַ „אַפּשניט" ביים רב, אָבער מען איז ווייטער געגאַנגען. לייזער האָט הערצקען געצויגן. איצט זיינען זיי אַוועק צום סקווער. אין סקווער, ווען נאָר אַ שיינער טאָג, האָט מען שטענ־דיק געטראָפן אַ עדה יידן. אמת, אַז בלויז עלטערע מענטשן, אָבער זיי זיינען געווען די שטאָט. ווער דען, די יינגעלייטלעך? דערפאַר איז עס געווען לייזערן זייער וויכטיק צו זיין אין סקווער. לייזער האָט עס אַפילו געמאַכט אומגע־לומפּערט, וואָס ער האָט ווי „אויף כּוח" זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק, צווישן מענטשן, ווען עס איז קיין פּלאַץ נישט געווען. דאָס זיינען נערוון. הערצ־קען האָט דאָס פאַרדראָסן אויף זיין ברודער און די מענטשן האָבן עס קרום געקוקט אויף די צוויי פּאַרשוינען, אָבער ווי נאָר לייזער האָט אָנגעהויבן צוריידן און „דאַנעק", „דאַנעק" איז געוואָרן אַ טומל ביי די מענטשן. זיי זיינען אַלע אויפגעשפּרונגען און זיינען אַוועק צום אַרויסגאַנג פון סקווער. קוקנדיק אויף זיי, זיינען די מענטשן פון די אַנדערע בענק אויך זיך אויפגעהויבן און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג פון סקווער. הערצקען האָט דאָס שטאַרק פאַרקלעמט, ער האָט צום עולם אויסגעצויגן די הענט, זיי צו פאַרהאַלטן, זיי זאָלן הערן אַ פּאָר ווערטער פון זיין ברודער, אָבער די מענטשן האָבן דאָס נישט געוואָלט.

— מיר האָבן שוין גענוג געהאַט מיט דאַנעקן. גענוג . . .

## 2

פלוצלונג, אומגעריכט, האָט לייזער היינט אַלעמען אָנגעזאָגט און גאָר שטיל, ווי אַ סוד, אַז זיי זאָלן שוין גיין צו דאַנעקן, אָבער שוין. מען האָט אים געוואָלט עפּעס פרעגן. לייזער איז שוין נישט געווען. די ווייבער האָבן אויף שנעל געכאַפּט אויף זייערע קעפּ טונקעלע טיכלעך. דאַנעקס טיר איז געווען אָפן, ווי אין אַ דירה פון אַ טויטן. דאַנעקס באַאַשטאַנד אויף דער ערד מיט אַ דריי ליכטלעך אים צוקאָפּנס האָבן טונקל געמאַכט די געמיטער.

אַ אַלטעטשקע, אַ שכנטע פון דער אַנדערער שטוב איז אַקעגן טויטן גע־זעסן, אַ פאַרצאַגטע מיטן קאָפּ פּאַראויס, ווי זי האָט עפּעס אין חלל דערזען.

די אַלטע האָט זיך מחיה געווען, אַז מענטשן זיינען געקומען. זי האָט זיי גוט אָנגעקוקט. דאַנעק האָט נישט געהאַט אַזוי פיל פריינט . . .

— איר זאָלט מיר געזונט זיין, איר זענט ברידער, שוועסטער? אָט זיי האָב איך געהאַט געזען ביי דאַנעקן. איך האָב זיי געזען דורך מיין פענצטער. ער האָט מיר דערציילט וועגן אייך . . . איר האָט מיר מחיה געווען מיט אייער קומען. ס׳איז דאָך דאָ געווען אַ שרעקלעכע מרה שחורה. ווער האָט עס אייך געזאָגט?

— איר זענט זיכער מיד, שכנטע — האָט לייזער איר געזאָגט — איר קענט אַריינגיין צו זיך אַ ביסל צושפּאַרן.

— איך וועל טאַקע אַזוי טאָן. יאָ, ווען וועט זיין די לוויה?

— מען וועט אייך זאָגן, שכנטע.

עס איז געגאַנגען מיט אַ גוואַלדיקער שנעלקייט. די טיר איז געוואָרן געשלאָסן און ס׳איז שוין געגאַנגען דאָס זוכעניש. עס איז געווען שטיל. מ׳האָט קיין וואָרט נישט גערעדט. מען איז געלאָפן פון ווינקל צו ווינקל. מען איז געקראָכן אויף אַלע פיר. אַפילו די דריי שוואָגערס, וואָס האָבן די גאַנצע צייט מיט גאָרנישט געוואָלט העלפן. איצט זיינען זיי, גלייך מיט אַלע, געלעגן אויף דער ערד, געקראָכן אין אַלע ווינקלען. אַלע האָבן שוין אויסגעזען ווי קוימענקערערס. אַלץ איז געשטאַנען אָפן. דער גרויסער קאַסטן, דער קליינער קאַסטן, דער קויש און די אַלטע וואַליזע, אַלע שענקעלעך און שאַפּ־קעלעך, אָבער אומעטום ליידיק, אַזאַ בראָך, ס׳איז לעדיק. כאָטש צו מאַכן דאַנעקן לעבעדיק און אים פרעגן: „וואו ער האָט אַהינגעטאָן דאָס פּאַר־מעגן?״ יעדער האָט געשפּירט, אַז ער חלשט און ער האָט נישט וועמען דאָס צו זאָגן, ווייל אַנדערע חלשן שוין. דאָס גרעסטע אומגליק איז מיט רישע־לאַנען. זי ברעכט נאָך דערצו און אירע אויגן זיינען ווי איבערגעדרייט. באַשעלע האַלט זיך אויף די הענט פון הערצקען, און ער פירט איר אַרויס אין דרויסן. עס פעלט איר לופט. פון אַלע צרות, ליגט זיך גאָר לייזער אויף אַ בעטל מיט אויסגעגלאָצטע אויגן צום בעליק. ער איז שוין געוואָרן פון דעם אַלעמען אַ בהמה. ער ווייסט שוין גאָרנישט. ער האָט געפילט, אַז ער שלאָפט איין. ער האָט אין דעם געפילט אַ חיות, אָבער מען האָט אים נישט געלאָזט שלאָפן. די שוועסטערן און די שוואָגערס און באַשעלע די שוועגערין און אַפילו זיין אייגן ווייב האָבן זיך גענומען צו אים, ער זאָל

זאָגן איין זאַך, ווער האָט עס אים געזאָגט, אַז דאָנעק האָט געלט, אַז ער איז אַ גביר, אַז ער האָט דאָס גאָלד אין שטוב? ווער?! ווער?!

— וואָס וועט איצט זיין? — האָט רישע־לאַנע געוויינט — וואָס וועט מיט אונז זיין? מיר האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן שוין האָבן מיט וואָס חתונה צו מאַכן די מיידלעך. נאַ דיר, האָסטו!

— און אפשר — האָט ראַשע־לאַנע געביטערט — האָט מען ערשט, אַזוי ווי דאָנעק האָט צוגעמאַכט די אויגן, אונזער ירושה אַוועקגעכאַפּט? דאָס האָבן די שכנים געטאָן, מיר זיינען געשלאָפן. וואו ביסטו געווען, לייזער, היטער אונזערער?!

לייזער איז געלעגן ווי אַ געליימטער. אים אַליין האָט זיך געדאַכט, אַז ער ווערט טויט. הערצקע האָט געשמייכלט, געשמייכלט פון דעם, וואָס עס האָט געקאָנט ווערן און וואָס עס איז געוואָרן . . .

***

זיי האָבן נישט קיין אַנדערע ברירה ווי צו גיין צו דער חברה קדישא, ענטפערן. אַוודאי, ווען זיי וואָלטן דאָרט אינגאַנצן נישט געווען, וואָלטן זיי איצט געווען גליקלעך־פרייע מענטשן. זיי וואָלטן מסתמא אויך צו דער לוויה נישט געגאַנגען. דאָנעק האָט נישט געוואָלט וויסן וועגן זיי ביי זיין לעבן, ווילן זיי פון אים נישט וויסן, כאָטש דעמאָלט, ווען ער איז שוין אַ טויטער. זיינען זיי דאָך אָבער דאָרט יאָ געווען, פונקט, אַ שטיקל צייט נאָכדעם ווי ער איז אויסגעגאַנגען. קיין סודות זיינען נישטאָ. גייען זיי נישט צו דער חברה קדישא, וועלן זיי האָבן אַ פּנים ווי זיי מאַכן נאָר אָנשטעל, אַז זיי ווייסן גאָרנישט צי דאָנעק האָט יאָ איבערגעלאָזט, אָדער נישט איבערגעלאָזט קיין געלט. אַז עס איז נאָר אַן אָנשטעל און ליגן. זיי זיינען דאָך דאָרט יאָ גע־ווען . . .

געגאַנגען צו דער חברה קדישא זיינען ווידער יענע דריי, לייזער, רישע־לאַנע און הערצקע. לייזער האָט באמת נישט געטאָרט גיין. ער האָט גיכער געדאַרפט ליגן אין בעט. ער האָט עס אָבער געמוזט. רישע־לאַנע איז געגאַנגען, ווייל זי איז געווען די עלטסטע שוועסטער און אַז עס קומט צום אויסטענהן זיך איז זי די גרעסטע בריה. און הערצקע איז ווידער מיטגע־גאַנגען, ווייל עס איז אים געווען אינטערעסאַנט . . .

פון דערוויטנס דוכט זיך, וואָס איז דען אַ חברה קדישא? אַ באַרעמ־האַרציקע חברה, וואָס באַשיצט דעם כבוד פון טויטע... און ווער זיינען דען די דאָזיקע צוויי מענטשן? היימישע יידן. לייזער און רישע־לאַנע געדענקען נאָר נישט זייערע נעמען, ווייל זיי זיינען אַנדערע מענטשן און זיי זיינען אַנדערע מענטשן... צוויי פיינע פנימער, שיינע בערד און דאָך האָט עס דאַנעקס קרובים זיך געדוכט, אַז זיי געפינען זיך אין דער פּאָליציי און די דאָזיקע צוויי מענטשן מיט די בערד זיינען די אמתע פּאָליציי־מייסטערס... וועגן וואָס זיי ריידן עס!

— איר זאָלט אונז היינט אַריינטראָגן פינף טויזנט קערבלעך... אַ קעלט איז זיי אַדורך די ביינער.

און ווי זיי האָבן עס גערעדט! מיט אַ שמייכעלע, מיט אַ דערקוויקונג, וואָס מען האָט דאָ דאַנעקס לייט... אויף דעם טאָג האָבן זיי דאָך געוואַרט און די גאַנצע שטאָט האָט געוואַרט... און דאָ האָט מען דאַנעקס יורשים...

— אַזוי... איר רעדט דאָס זעלבע, וואָס דאַנעק האָט גערעדט זיך גאַנץ לעבן, אַז ער האָט נישט, אַז ער איז אַן אָרעמאַן...

— אָבער מיר ווייסן נישט פון קיין שום ירושה — האָט רישע־לאַנע געטענהט — איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז ער האָט אונז נישט געוואָלט קענען.

— אָבער גלייך נאָך דעם ווי ער איז געשטאָרבן, זענט איר דאָרט גע־ווען — האָט דער מיטן געלן בערדל געזאָגט און זיינע בלוילעכע אויגן האָבן קלוג געקוקט.

— וואָס־זשע קומט אונז דערפאַר, אַז מיר זיינען יאָ געווען?! — האָט לייזער זיך אויפגערעגט, זיינע אויגן האָבן געקוקט מיט אַ בייזן גלאַנץ. — וואָס־זשע?!

— וועט ער דאָרט ליגן...

— וועט ער! — האָט לייזער געשריען.

— מיר וועלן זיך ווענדן צו דער פּאָליציי — האָט הערצקע רואיק געזאָגט.

— וועלן מיר זיך ווענדן צו דער פּאָליציי וועגן דאַנעקס פאַרמעגן, וואו עס איז אַהינגעקומען.

— מיר זיינען אָרעמע מענטשן, מיר ווייסן נישט פון קיין געלט — האָט רישע־לאַנע אַן אויפגערעגטע וויפל מאָל דאָס געזאָגט און געפויקט

מיט די פינגער אין טיש — מיר זיינען אָרעמע מענטשן, מיר ווייסן נישט פון קיין געלט.

— ברענגט צוויי טויזנט קערבלעך, אָבער דאָס איז דאָס לעצט — האָט דער מיטן שוואַרצן בערדל דאָס געמאַכט די פשרה.

— מיר זיינען אָרעמע מענטשן, מיר ווייסן נישט פון קיין געלט — האָט רישע־לאַנע אַלץ אירס געדעדט און געפּויקט מיט די פינגער אין טיש.

איר פּנים איז געווען ברוין און בלאָ. מען האָט אין איר געזען, אַז עס איז מיט איר שלעכט.

עס איז געווען אַ שרעקלעך געוואַלד. אַלע האָבן געוואַלדעוועט. מענטשן פון גאַס זיינען אַנגעלאָפן און אַריינגעפאַלן ווי אין אַ שריפה. שווער געווען צו וויסן, ווער שרייט עס נישט.

און דאָ זיינען אַריין דאַנעקס דריי שוואָגערס. אַלע דריי מיט צאַרנדיקע פּנימער, שטרוי־בלאָנדע בערד און געקרעמפּטע ליפּן.

די דריי שוואָגערס האָבן אַוועקגעשאַרט דעם אָנגעלויף און זיי האָבן נישט מער, ווי אַ זאָג געטאָן:

— אָקסן, וואָס איר זענט! און אַ דרייער האָט דער דאַנעק יאָ איבערגע־לאָזט? וואָס איר ווילט קענט עטס טאָן. קומט! —

איז דאָס געווען אַ טאָג! אַ שוואַרצע אַנשיקעניש אויף זייערע קעפּ. זיי זיינען אַהיים געגאַנגען צעבראָכענע מענטשן. דאַנעק האָט געדאַרפט שטאַרבן און זיי האָבן געדאַרפט דאָרט צוגיין!..

*
**

נישט נאָר, וואָס זיי זיינען אַלע געגאַנגען צו דער לוויה, נאָר לייזער האָט נאָך באַשטעלט כאַסקל „רב", ער זאָל דאַנעקן מספּיד זיין. כאַסקל איז נישט געווען קיין רב, ער האָט נאָר, פון שיינקייט וועגן, געטראָגן לאַנגע פּאות און אַ ספּאָדעק אויפן קאָפּ און ער האָט אויך הנאה געהאַט, וואָס פרעמדע מענטשן, וואָס קומען אין שטאָט, נעמען אים אָן פאַרן רב . . . איז ער עס געווען אַ שוטה! לצים האָבן אים באַשטעלט צו האַלטן דרשות. ער האָט געדרשנט און די לצים האָבן געלאַכט . . . וואָס פאַר אַ משלים ער האָט דאָס געזאָגט! מען האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן. אָט דעם כאַסקלען האָט עס לייזער באַשטעלט צו זאָגן דעם הספּד אויף דאַנעקן. אין לייזערס קאָפּ האָט

זיך געדרייט אַ געדאַנק, אַז כאַסקל „רב״ דאַרף אין זיין הספד מער נישט זאָגן ווי נאַר, אַז דאָנעק איז געשטאָרבן אַן אָרעמאַן, נישט מער. כאַסקל האָט עס זייער גערן אָנגענומען, אַבי צו ריידן.

אָבער ווען די לוויה איז אָנגעקומען צום שול־הויף, איז זיי פינצטער געוואָרן אין די אויגן. אַ פולער הויף מיט מענטשן . . . פון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען אַזויפיל מענטשן צו דאָנעקס לוויה? און ווי דער עולם האָט זיך עס געהאַלטן פריילעך, ווי זיי וואָלטן זיך געפינען אין אַ צירק . . . מען האָט געלאַכט און געקייכט . . . עס איז געווען אויסטערליש. אַן עולם ליידיקגייערס און „לייכטע קעפ״ איז געקומען זען, די לוויה פון דעם נאַר, וואָס איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד און האָט זיך נישט פאַרגונען דאָס לעבן. זיי זיינען אויך געווען בייגעריק צו זען די יורשים, די נייע גבירים, וואָס אייגנטלעך דאַרפן זיי טאַנצן פון שמחה, מאַכן זיי גאָר אַ טרויעריק פנים . . . מען האָט זיך געשטופּט און געשטויסן. אַן אמתע שטיפעריי. און דאָ כאַסקל „רב״ רעדט, ער האַלט אַ הספד. דאָס געלעכטער איז גרויס. „שאַ! שאַ!״ „לאָמען הערן אַ וואָרט!״.

כאַסקעלע „רב״ האָט געציקלט מיט זיין שטימעלע און זיינע פאות האָבן זיך געוואָרפן איבערן פנים.

„וואָס האָט ער געזאָגט?״ — האָט איינער דעם צווייטן געפרעגט: „וואָס״?!..

„געשטאָרבן אַ איש תם. קיין פאַרמעגן האָט ער נישט איבערגעלאָזט, אָבער אַ גוטן נאָמען״ . . . „אָט דאָס האָט ער געזאָגט״. — מער האָט נישט געפעלט. עס האָט זיך געטאָן ווי אויף אַ חתונה. מען האָט געלאַכט און דער עולם האָט זיך געטאָן אַ שטויס. דער טומל איז געוואָרן שטאַרק געדיכט. לייזער האָט דאָ געשריגן: „הערצקע!״ „הערצקע!״. הערצקע איז אים אין מיטן נעלם געוואָרן, זיין „רעכטע האַנט״ איז נישטאָ.

אויף יענער זייט פון שול־הויף האָט זיך געצויגן דאָנעקס קליינע לוויה, האָט זיך געצויגן צום בית־עלמין און דאָ אין שול־הויף האָט מען נאָך אַלץ געלאַכט.

# אַכציק איז אַכציק

אבנר פעלדשער האָט זיך געגרייט צו מאַכן די צוואה. אַ חודש אין דעם ווי ער איז געוואָרן אַכציק. אַכציק הייסט אַ זקן.

אבנר האָט זיך געפילט געזונט ווי אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן. ווען נישט זיין מילך־ווייס בערדל וואָלט מען אים, מיט זיין גלייכקייט און מיט זיין רויט פנים, אָנגענומען העכסטנס פאַר אַ פופציקער.

אבנר האָט שוין פינף יאָר נישט געאַרבעט. ווען ער איז אַלט געוואָרן פינף און זיבעציק, האָבן זיינע קינדער זיך געשעמט, וואָס זייער טאַטע גייט נאָך צו פּאַציענטן. וואָס, עס פעלט אים דען עפּעס? און פעלן אין שטאָט פעלדשערס און דאָקטוירים? אויך די איבעריקע פעלדשערס, צוליב זייער טובה וועגן, האָבן זיי אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס איז גלייכער פאַר זיין געזונט, ער זאָל אויפהערן אַרבעטן.

ער האָט אויפגעהערט, אָבער ער האָט זיך געפילט ווי אַ יינגערמאַנטשיק.

די גאַנצע פינף יאָר, האָט ער מיט זיין דינהן, וואָס איז געווען יינגער פון אים מיט צוועלף יאָר, אמתדיק געהוליעט. געמאַכט יעדן טאָג די לאַנגע שפּאַצירן. יעדן טאָג געווען ביי די קינדער און די אייניקלעך און יעדן שבת צו נאַכטס זיינען די קינדער מיט די אייניקלעך געקומען צו זיי, צו טאַטע־מאַמע. עס האָט זיך אַזוי געפירט די גאַנצע פינף יאָר און עס וועט זיך ווייטער אַזוי פירן. אָבער אַכציק איז אַכציק.

***

אבנר איז געווען אַ פאַרמעגלעכער מענטש. ער איז געקומען צו אַ פאַר־מעגן פון זיין פעלדשעריי. געווען פעלדשער העכער פופציק יאָר. ער האָט פאַרמאָגט דריי מויערן. אויף דער באָד־גאַס איינס, אין קאָזשע געסל די צווייטע מויער און די דריטע אויף דער סאָמע „פּיענקנע".

אבנרן האָט הנאה געטאָן, וואָס ער האָט זיינע קינדער וואָס איבערצו־לאָזן, כאָטש עס האָט זיי גאָרנישט געפעלט, געפירט געשעפטן און יעדער פון זיי האָט פאַרמאָגט אַ גאַנץ שיין הויז. „אָבער איבערלאָזן ירושה, לויט אבנרן, האָט אַ באַזונדערן טעם. „דער קדיש איז אַן אַנדערער" . . . און אבנר האָט געוואָלט, אַז זיינע הייזער, די דריי מויערן, טאָרן די קינדער נישט פאַרקויפן צו פרעמדע. זיי דאַרפן בלייבן נאָר ביי די קינדער און דאָס

וועט ער פאַרשרייבן אין דער צוואה. אָבער הייזער האָט אבנר געהאַט נישט מער ווי דריי און קינדער, קיין עין־הרע, אַכט . . . ווי זשע פאָרט מען עס צונויף שותפים צו יעדן הויז? אבנרן איז געגאַנגען, אַז שפּעטער זאָלן זיי גאָרנישט האָבן וואָס צו ריידן וועגן טיילן און פאַנאַנדערטיילן, עס זאָל זיין שטיל, עס איז שוין פון פריער באַזאָרגט. און איצט איז ביי אבנרן געווען דער עיקר, אַז דער מאַמען זאָלן זיי צאָלן וואָך ביי וואָך צוואַנציק רובל. די מאַמע איז ווערט אַ סך מער, אָבער . . . אויסצאָלן זאָל מען איר בכבוד גדול יעדן דאָנערשטיק אָוונט, נישט שפּעטער.

***

דינה, אבנרס ווייב איז ייִנגער געווען פון איר מאַן מיט צוועלף יאָר. צו דער חתונה איז ער אַלט געווען אַכט און צוואַנציק יאָר, אַן אַלטער בחור און זי איז געווען נישט מער ווי זעכצן. עס איז געווען ביי זיי אַ ליבע.

און פּונקט ווי אבנר האָט אויסגעזען אַ סך ייִנגער פון אַכציק אַזוי האָט דינה אויסגעזען אַ סך ייִנגער פון אירע אַכט און זעכציק. אַ יונגער, פרישער קאָליר אין פּנים. זי איז געווען שלאַנק. די הויט אויף אירע הענט איז נישט געווען געקנייטשט און גערעדט האָט זי זייער שאַרף ווי אַ מענטש ביי די גוטע כוחות און אויך אירע האָר זיינען געווען נישט מער ווי גרוילעך, אָבער נישט ווייס. און צו דעם אַלעמען האָט זי זיך געקליידט ווי ייִנגע פרויי.

דערווייל האָט אבנר גערעדט מיט זיינע קינדער וועגן זיין פּלאַן פון דער צוואה. די קינדער, איינס ביי איינס האָבן פון אים געלאַכט:

— טאַטע, נעם אַראָפּ דאָס בערדל און דו ביסט אַ ייִנגערמאַן.

אָבער אבנר האָט אויך געלאַכט:

— נאַראָנים, וואָס איר זענט. דאָס גאַנצע לעבן האָב איך געטראָגן אַ בערדל און פּונקט אַהין זאָל איך קומען אָן אַ בערדל . . . ווי וועט עס אויסזען? . .

***

דינהלע האָט זיך דערפון אַזוי אויפגערעגט, ווי דאָס איז צו איר דער־גאַנגען, ווי דער אבנר, דער גזלן מאַכט אַ פּלאַן איר צו קוילענען. זי האָט געוויינט. זי האָט געוויינט ווי אַ ייִנג ווייבל:

— וועגן וואָס האָט ער עס געפּלוידערט, אבנר? עפּעס וועגן אַזעלכע זאַכן, וואָס זיינען נאָר אַ שרעק . . . נישט ער האָלט חלילה ביי שטאַרבן

און זי איז נישט קיין זקנה, ווי ער וויל עס איר „אוסטראַיען“, אַז די קינדער נעמען צו די הייזער, זי איז שוין אויס באַלעבאַסטע, זי וועט קריגן פּענסיע.

זי האָט שרעקלעך געוויינט.

אבנר האָט אָוועקגעלייגט זיינע רייד, אַז אים גייט, אַז זי זאָל גאָרנישט דאַרפן אַרבעטן, אָבער טאָקע גאָרנישט. האָט זי דערפון נאָך יאָמערלעכער געוויינט.

די קינדער האָבן זיך געשעמט צו האַלטן מיטן טאַטן, וואָרן עס וועט דאָך אויסזען, אַז עס גייט זיי אין די מויערן, האָבן זיי געבעטן דעם טאַטן, ער זאָל נאָכגעבן דער מאַמען . . . אָבער אבנר האָט נישט געוואָלט, אַז זיין דינהלע זאָל האָבן צו גרויסע קלאָפּאָטן. אַכט און זעכציק איז נאָענט צו זיבעציק און צו זיבעציק איז מען אויך אַ זקנה . . . אָבער דינהלע האָט דער־פּאַר פּאַראומערט, זיך און אבנרן און אַלע קינדער. אַ גאַנצע איבערקערעניש. עס האָט שוין נישט געפּועלט, ווען אבנר האָט זיך ביי איר געבעטן, זי זאָל זיך באַרואיקן, אַז ער וועט שוין די צוואה נישט שרייבן. ער טראַכט שוין נישט וועגן דעם. זי האָט אים נישט געגלויבט. זי האָט אים געקענט, אַז ער נעמט אַריין אַ זאַך אין זינען וועט ער שוין אַלץ טאָן אַבי זיינס אַדורכצו־פירן, אַז דאָס גאַנצע לעבן האָט ער נאָר געצילט, אַז זי זאָל וואָס ווייניקער אַרבעטן, וואָס ווייניקער, כאָטש זיצן ווי אַ גרעפין אין פּאָטעל. זי קען זיין קאָפּ. אַ ביטערניש האָט געהאַנגען אין שטוב. אבנר האָט עפּעס אויפגערודערט און עס איז שווער עס איינצושטילן. אבנר איז געווען אומרואיק און אויך דינהלע איז געווען אומרואיק.

אבנרן איז שוין געגאַנגען אין גאַנצן לעבן, אַז עס זאָל צוריק זיין כאָטש ווי מיט וואָכן צוריק, איידער ער האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „צוואה“. עס איז דאָך געווען אַזוי גוט. זיי זיינען טאָג ביי טאָג געגאַנגען לאַנגע שפּאַ־צירן, געזען שיינע זאַכן אויף גאָטס וועלט, געטראָפן יעדן טאָג אַלט־פאַרגעסענע פריינט. זיי זיינען יעדן טאָג געווען ביי די קינדער און שבת צו נאַכטס זיינען די קינדער געקומען צו זיי, צו טאַטע־מאַמע. עס איז דאָך געווען אַזוי גוט. וואָס האָט ער געדאַרפט ברענגען פאַרן מויל אַזאַ וואָרט ? אבנרן איז דאָס געגאַנגען אין לעבן, אָבער דינהלע זעט טאָקע אויס שלעכט. ווי זי זעט עס אויס ! דאָס אַלץ דערפון, וואָס זי האָט זיך אַזוי גענומען צום האַרצן. די זקנה איז איר אַרויפגעקראָכן אין די געציילטע טעג. אבנר האָט

זיך דעריבער זייער געגעסן. ער איז דערפאַר, אַז דאָס מאָל זאָלן די קינדער קומען, שטאָט שבת, גאָר היינט, דאָנערשטיק. אַז די קינדער וועלן קומען וועט עס שוין אינגאַנצן גוט ווערן. אַז עס וועלן נאָר אַריינקומען פריידע און נחמן, מלכה און יהושעלע און די אַנדערע קינדער וועט שוין גוט זיין. עס וועט זיין פריילעך. אבנר האָט נאָר געבעטן, אַז עס זאָל צוריק זיין אַזוי ווי פאַר צוויי וואָכן, נישט ערגער.

אַוודאי האָט דינהלע זיך געפרייט מיט קינדערס קומען. און אַוודאי האָט זי זיך געגרייט צוליב די קינדער אַז אַלץ זאָל זיין שיין, אַז עס זאָל גאָרנישט פעלן, אַזוי ווי שטענדיק. אָבער אין אבנרס אויגן האָט זי שוין נישט געהאַט דעם שמייכל און נאָך אַ זאַך, זי איז דינער געוואָרן, און אַ געלער פלעק האָט זיך געלייגט אויף איר רעכטן שלייף. אבנר האָט זיך געמאַכט פריילעך און געמאַכט דינהלען פריילעך. קיין וויץ און ווערטל האָט אבנרן נישט געפעלט. ער האָט זיי אַלע איצט אויסגעשאָטן פאַר דינהלען און זאָל זיין מיט מזל, זי האָט געשמייכלט, זי האָט שוין אַפילו געלאַכט. פון כיבוד, וואָס דינהלע האָט אָנגעגרייט פאַר די קינדער, דער עיקר פאַר די אייניקלעך, האָט אבנר ווי אַ יינגל געכאַפּט אין מויל אַריין.

— אַלטע און קינדער זיינען גלייך — האָט דינהלע געזאָגט און מיטן אמתן שמייכל, מיטן אַמאָליקן שמייכל.

אבנר האָט איר געהאָלפן אָנטאָן דאָס מאַנטל. ער האָט עס שטענדיק געמאַכט זייער גוט. אַז ער האָט געגעבן מיט דער האַנט אַ צי דאָס מאַנטל, האָט זי זיך גוט געפילט. זיי זיינען ביידע אַוועק אויפן שפּאַציר. דעם לאַנגן שפּאַציר האָט מען שוין נישט געקענט מאַכן, ווייל היינט קומען די קינדער. עס איז געווען קאַלטלעך אין דרויסן, האַרבסטלעך און גרוילעך. מען האָט גע־דאַרפט דעם דרויסן פריילעך מאַכן. זיי זיינען ביידע געגאַנגען ווי שטאָלצע, פאַרליבטע. ער האָט גניביש געכאַפּט אַ בליק צו זיין דינהלען. ער האָט גע־שמייכלט. אָבער אַז ער האָט זיך געדרייט איבער דער שטוב און אַרויסגע־גאַנגען עטלעכע מאָל פון הויז עפּעס קויפן, און אַז ער איז געקומען צוריק, איז זי געלעגן אויף דער קאַנאַפּע און אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי שלאָפט אַזוי, אָבער אַז ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר, האָט ער געזען, דינהלע איז שוין נישטאָ . . .

איר האַרץ האָט דאָס אַלץ נישט אויסגעהאַלטן.

# אַ פרעמדער

אַ גאָלדענער, זומערדיקער שבת־מאָרגן. אין בית־מדרש איז מען פונקט געשטאַנען „שמונה עשרה" פון מוסף, האָט דעמאָלט פון גאַס זיך אַרייַנגעריסן אַ געמורמל, אַז אַ ייד און זיין ווייב זיינען נאָר־וואָס אָנגעפאָרן מיט אַ פור אויפן מאַרק.

פון שרעק איז די „שמונה עשרה" ביי די מתפללים צעקראָכן געוואָרן. דער עולם האָט זיך אַרויסגעלאָזט צום מאַרק. ס'איז דאָך נישט צום גלויבן. מען מוז מיט די אייגענע אויגן זען. ביי טייל האָט אַזש, פון שרעק, געגומען גרימען אין די בייכער.

דער קיילעכדיקער מאַרק איז געווען פאַרפלייצט פון גאַנצן שטעטל יידן. עס איז נישט קיין חידוש. מען האָט דאָך נאָך אַזעלכעס נישט געזען און אָט אין מיטן פון גערדראַנג פון מענטשן, שטייט טאַקע אַ וואָגן און אין וואָגן, אויף שטרוי־זעק, זיצט אַ ייד מיט אַן אַרומגעוויקלטן קאָפּ מיט דיקע שאַלן. ער זעט טאַקע אויס קראַנק, לויט זיינע אויגן. זיי זעען אויס, ווי צעגליט גלאָז און זיין שוואַרץ שמאָל בערדל ציטערט.

דער גרויסער עולם אַרום דעם וואָגן און איבערן גאַנצן מאַרק, האָט געשריגן און געליאַרעמט. טייל האָבן געשריגן: „וואָס איז עס אים? וואָס איז עס אים, וואָס ער האָט אַזש געמוזט פאָרן אין שבת?!" אַנדערע האָבן געשריגן: „פאַרוואָס זשע גייט מען נישט מיט אים אַריין צו דלוגאָלענצקין?!"

לעבן וואָגן איז געשטאַנען אַ צעחושטע, דעם קראַנקנס ווייב, מיט אַ פּנים, שוואַרץ ווי קויל, זי שטייט צעטומלט און זי הערט גאָרנישט, וואָס מען שרייט צו איר. מען שרייט צו איר, מען פרעגט אַזוי: „פון וואַנען זענט איר עס?"

— פון אָלשעוויץ?

— פון טישעוויץ?

— פון אָלשעניץ?

— מאָשעניץ?

אָבער דאָ זיינען אָנגעלאָפן לייזער און מאָטל, די צוויי עלטסטע יידן אין שטעטל, צוויי הויכע מענטשן מיט גאַרטלען אויף זייערע לענדן. זיי זיינען נאָר־וואָס געקומען פון בית־מדרש. זיי האָבן נאָר־וואָס פאַרענדיקט דאָס דאַווענען. זיי זיינען מיט כוח אַריין אין עולם מיט די הענט אויף רעכטס און אויף לינקס. דער עולם איז אַ ביסל שטיל געוואָרן. מען זעט דאָך, אַז לייזער און מאָטל ווילן עפּעס זאָגן, איז געוואָרן אַ ביסל שטיל:

— חמורים, בהמות !!! — האָבן ביידע, לייזער און מאָטל, געשריגן צום עולם — חמורים, בהמות!!!

און זיי זיינען גלייך צו צום חולה. זיי האָבן אים נישט געפרעגט פון וואַנען ער איז. זיי האָבן אים אויך נישט געפרעגט ווי ער הייסט און וואָס אים איז. זיי זעען אַ חולה און דאָס איז גענוג. זיי האָבן אָנגערירט דעם חולה כדי אים אַריינצונעמען צום דאָקטאָר. זיי האָבן אים געוואָלט נעמען אויף די הענט, אָבער דער קראַנקער איז אַליין אַראָפּ פון וואָגן, איצט האָט מען גע־זען אַ קליין דראָבנע יידעלע און דאָס דראָבנע קליינע יידעלע מיטן פאַר־וויקלטן קאָפּ איז אַזוי שנעל געלאָפן נאָך לייזערן און מאָטלען. זיי זיינען אַלע דריי אַריין צו דלוגאַלעצקין. עס איז איצט געוואָרן גאָר אַ גרויסער ליאַרעם: „אַז מען לויפט אַזוי מיט די פיס, איז מען נישט קראַנק און מען האָט בפירוש נישט געטאָרט פאָרן אין שבת“. דער עולם שטוינט, ווי האָט ער דער ייד גע־קענט ביי זיך דאָס פועלן? מען האָט געהויבן מיט די פּלייצעס, אַנדערע זיי־נען שוין געווען שטאַרק אין כעס, אָבער קיינער איז נישט אַראָפּ פון מאַרק. זאָל ער נאָר אַרויסקומען, וועט מען אים באַצאָלן, זאָל ער נאָר אַרויסקומען! שבת איז, צייט איז דאָ איבערן קאָפּ, וועט מען עסן דעם טשאָלנט אַ שעה שפּעטער און מען וועט שוין דאָ וואַרטן ביז מען וועט אים זען אַרויסקומען פון דאָקטאָר. מען קען גאָר נישט אַוועקגיין.

דער עולם איז שוין געווען אומרואיק. מען זעט נישט דאָס קליינע יידעלע און מען זעט נישט לייזערן מיט מאָטלען. אַ טשיקאַווע מעשה און דאָ אַ געשריי, אַ שרעקלעכער געשריי. דעם דאָקטאָרס טיר האָט זיך ענדלעך געעפנט און מען טראָגט דאָך דאָס קליינע יידעלע אַ טויטן, געל ווי וואַקס, דאָס בערדל אַריינגעצויגן און דער גאַנצער קערפּער זיינער גאָר־גאָר קליין. אַ געוואַלד: „וואָס איז דאָ געשען?!“ אַ גרויס געוויין, אַ יאָמערלעך גע־

וויין, כאָטש עס איז שבת, וואָרן מען האָט דאָך מיט די אייגענע אויגן געזען, ווי דער מענטש האָט דאָך נאָר־וואָס געלעבט גלייך מיט אַלע און דאָ אַזאַ מעשה. טויט?! וואָס־זשע איז דאָ געווען. עפּעס יעדער דאָ האַלט זיך אַ שטיקל פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אומגליק. ער איז דאָך אַן עדות. עס איז דאָך פאָרגעקומען דאָ אין שטעטל, דאָ אויפן מאַרק, פאַר די אויגן פון גאַנץ קהל. דאָס געוויין איז געווען אויסטערליש.

— ער האָט אים פאַרסמט!

— ער איז אַ באַנדיט!

— ער איז אַ קאָוואַל, ער איז נישט קיין דאָקטאָר!

— מען דאַרף אים אָנלערנען!

— ברענגען פּאָליציע!

און דאָ האָבן זיך באַוויזן לייזער און מאָטל. זיי מאַכן מיט די הענט אויף רעכטס און אויף לינקס.

— זאָל זיין שטיל, לייזער און מאָטל ווילן עפּעס זאָגן. — האָבן מענטשן געשריגן.

— יאָ, יאָ, לייזער און מאָטל. זיי זיינען דאָך געווען דערביי, זאָגט, זאָגט!

עס איז געוואָרן שטיל. לייזער האָט געזאָגט:

— יידן, איז וואָס־זשע ווילט איר, אַז דער ייד זאָל אויך נאָכן טויט נישט האָבן קיין מנוחה? אַז צוליב איך זאָל מען שניידן זיין לייב?

לייזערס פּנים האָט אויסגעזען צעשראָקן. ער איז דאָך געווען דערביי.

דער עולם האָט אָנגעהויבן זיך רירן, פאַנאַנדערגיין. דער ייד, וואָס איז פריער אַזוי שנעל געגאַנגען, איז געלעגן אויפן וואָגן, צוגעדעקט דאָס טויטע פּנים. דער גויישער בעל־עגלה, זייער אַ טרויעריקער האָט געפירט זיין וואָגן מיט זיין פּאַסאַזשיר צום קיל־שטיבל פון יידישן בית־עולם. נאָכ־געגאַנגען איז נאָר דעם בר־מינבס ווייב. זי איינע אַליין. דער גרויסער עולם איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

דאָ, איז דער, וואָס איז איצט נאָר־וואָס געשטאָרבן, אַ פרעמדער. מען ווייסט אַפילו נישט ווי ס'איז זיין נאָמען און מען ווייסט אַפילו נישט פון וואַנען ער איז. אין די פּאָר שעה האָט מען אים גערופן „דאָס קליינע יידעלע",

נאָר אין זיין דאָרף, אין אַלשעוויץ איז ער געווען ישראלקעלע, אַ תושב אין אַלשעוויץ פון יאָרן, יאָרן. ישראלקעלע איז געווען אַ מענטש אַ חכם, אַ מענטש מיט ישוב הדעת. סיי יידן און סיי קריסטן זיינען זיך געקומען צו אים זיך שואל עצה זיין, וואָס מען טוט מיט דער קראַנקהייט. אין אַלשעוויץ איז קיין דאָקטאָר נישטאָ, קיין אַפּטייק אויך נישטאָ. ישראלקעלעס רפואות זיינען געווען אָן אויסנאַם. זיי האָבן אויסגעהיילט די שווערסטע קראַנקייטן און אַזוי שנעל. היינט געלעגט זיך אין בעט און צומאָרגנס אויפגעשטאַנען אַ געזונטער. אָבער דאָ האָט זיך געמאַכט, דעם „רופא" אַליין, ישראלקעלען, האָט אָנגעכאַפּט אַ צאָן־ווייטיק. צאָן קראַנקייט בכלל, איז לויט ישראלקעלען, קיין קראַנקייט נישט, אָדער מען רייסט אים אַרויס, אָדער עס גייט אַליין איבער. דער צאָן האָט אָבער ישראלקען שרעקלעך אָנגעריסן. שרעקלעכע יסורים. עס ברענט. עס איז אַ שריפה אין מויל. דעמאָלט האָט ער געזאָגט צו זיין ווייב, אַז זי זאָל אים צולעגן אויפן קראַנקן צאָן הייסע „שעמיע". זי האָט אים געהערט. איר מאַן ווייסט דאָך אַוודאי, וואָס צו טאָן, אַפּילו אין אַ גרעסערער קראַנקייט, ווי אַ צאָן. עס איז אָבער געוואָרן נאָך ערגער. די ווייטיקן האָבן געשרויפּט ישראלקעלעס קאָפּ, ער האָט שוין נישט געקענטריידן. גאַנץ אַלשעוויץ איז געשטאַנען אויף די פיס, וואָרן אויב ישראלקעלע איז נאָך אַליין קראַנק, מוז דאָך זיין אַ שרעקלעכע חולאת, זאָל עס גיין אויף אַלע וויסטע פעלדער.

ווען קיינער איז אין שטוב נישט געווען. דאָס ווייב מיט די קינדער זיינען אַרומגעלאָפן איבערן דאָרף פרעגן מענטשן, אפשר זיינען זיי אַזוי קלוג. דאָס גאַנצע דאָרף האָט אַרומגעזוכט דער אַלטער באָבע מאַרטע, וואָס קען אויך געבן רפואות, אָבער מען זעט איר שוין נישט אַ צייט. מען איז שוין צוגעלאָפן צו די אַנדערע נאָענטע דערפער און באַהיט זאָל מען ווערן. זי איז נישטאָ. דעמאָלט, ווען קיינער איז אין שטוב נישט געווען. ישראלקעלע איז געלעגן איינער אַליין, איז אים אַיינגעפאַלן אַ געדאַנק. ער איז אַראָפּ פון בעט. ער האָט פאַרוואָרפן אַ שטריקל אויף דער זאַוויעסע פון פענצטער און דעם צווייטן עק פון שטריקל פאַרדרייט אויפן קראַנקן צאָן. ישראלקעלע האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און דער קראַנקער צאָן איז געווען אין דרויסן. דער צאָן האָט געטאַנצט אויפן שטריקל און אים ישראלקעלען איז געווען גוט, ווי מיט דער האַנט אַוועקגענומען. ער האָט אַפּילו, ישראלקעלע,

געלאָכט פון פרייד, וואָס ער האָט געהאַט דעם איינפּאַל. אַז ביילע, זיין ווייב און די צוויי מיידלעך זיינען אַריין אין שטוב, נישט טויט און נישט לעבעדיק, ווייל זיי זיינען נעבעך געקומען אָן עצות, זיי האָבן קיינעם און נישט דער באָבע מאַרטע געטראָפן, האָבן זיי גאָר געטראָפן ישראלקעלען אַ פריי־לעכן. ער האָט זיי דערציילט מיט גדלות, וואָס ער האָט אַזוינס געטאָן. אַז ישראלקעלע האָט געטאָן איז גוט און אַז ער זאָגט, אַז עס איז אים איצט אינגאַנצן גוט, איז אים, געגלויבט צו גאָט, אינגאַנצן גוט.

דאָס ערשטע מאָל אין די דריי טעג, ווי ביילע האָט עפּעס אָפּגעקאָכט אַ ביסל געקעכטס.

ביינאַכט, אין מיטן נאַכט, איז געוואָרן ווידער נישט גוט און עס איז אים שוין נישט צו דערקענען. עס איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי שלעכט. ער איז ברוין און בלוי און נישט ער רעדט, נאָר ער יאָמערט.

מאַרטע, די באָבע מאַרטע איז אַריינגעקומען. ביילע, ישראלקעס ווייב האָט איר נאָר וואָס געטראָפן אין אַ דאָרפס־שענק, טויט־שיכור.

די באָבע מאַרטע, האָט גלייך, נאָך אויף דער שוועל געזאָגט, אַז מען זאָל דעם קראַנקן איבערשווענקען דעם האַלז מיט הייסער מילך, אָבער הייס ווי פייער. ביילען איז אַפילו שווער געווען צוצוקומען צום קראַנקנס האַלז, אָבער אַז מען מוז האָט מען אַלץ געטאָן, אַז כאָטש אַ ביסל הייסע מילך זאָל אַראָפּרינען אין קראַנקנס האַלז און ווי דער קראַנקער האָט דערשפּירט די הייסע מילך אַזוי האָט ער פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף צו שטאַרבן און דאָ קיין דאָקטאָר איז נישטאָ און קיין אַפּטייק איז אויך נישטאָ און צו דעם אַלעם איז היינט שבת. וואו גייט מען און וואָס טוט מען? דאָס גאַנצע דאָרף איז אויף די פיס. סיי די פּאָר יידן פון אָלשעוויץ און סיי דאָס גאַנצע דאָרף גויים האָבן געפּסקנט, אַז לויטן יידישן דין מעג מען מיט אַ קראַנקן פאָרן צו אַ דאָקטאָר, מיט פערד און וואָגן. אַזוי האָט גאַנץ אָלשעוויץ געפּסקנט. געזאָגט און געטאָן. געפאָרן. גאַנץ אָלשעוויץ איז געשטאַנען אויפן וועג כדי צו ווינטשן ישראלקען, ער זאָל אַהיים קומען אַ געזונטער.

וואָס ווייטער, איז דאָס געשווילעכטס אין ישראלקעס האַלז געוואָרן אויסגעברייטערט, אָבער אָן ווייטיק. עס האָט אים גאָרנישט דערקוטשעט. ישראלקע אַליין האָט שוין גאָרנישט געטראַכט, ער האָט געזשיפּעט.

*
**

עס איז געווען אַ גאָלדענער, זומערדיקער שבת בייטאָג. דאָס גאַנצע שטעטל האָט שוין איצט נאָכן טשאָלנט און נאָכן דרעמל. דאָס גאַנצע שטעטל יידן, שבתדיק אָנגעטאָן, שפּאַצירט איבער די געסלעך, שפּאַצירט איבערן מאַרק. עס שפּאַצירן חתנים און כלות, עס שפּאַצירן יינגע טאַטע־מאַמעס מיט זייערע קינדערלעך. ס'האָט קיינער אַפילו נישט דערמאָנט, וואָס דאָ אויף דעם מאַרק איז היינט געווען, אַז אַ פרעמדער ייד איז געקומען צו־פאָרן, אַראָפּ אַ לעבעדיקער פון וואָגן און פון דאָקטאָר האָט מען אים אַרויס־געטראָגן אַ טויטן. מען האָט אַפילו קיין טראַכט נישט געטאָן. עס איז גע־ווען אַזאַ שיינער שבת. די זון האָט זיך געשפּילט מיט די מענטשן. די מענטשן האָבן פריילעכע שפּאַצירט.

# דער מאַמעס חלום

חנהלע האָט געפּילט אין איר בלוט ווער זי איז: זי איז אַ קינד פון דער באַרימטער וואַרשעווער משפּחה הורוויץ, וואָס האָט כּסדר זיך געיחוסט מיט אירע אויסגעצייכנטע מענטשן. אַלע זיינען זיי געווען גרויס. גרויסע רבנים, גרויסע סוחרים, אָדער סתּם גרויסע אויפטוערס. די פרויען אין דער גרויסער הורוויץ־משפּחה און אַזוי איר באָבע און אַזוי איר מאַמע, זיינען געווען וואונדערלעכע שיינקייטן, האָבן געהאַט בלויז אידעלע מידות און אַלע האָבן פאַרמאָגט אין זיך אַ וועלט מיט ענערגיע. אַזוי איז אויך געווען חנהלע.

און דאָס, וואָס זונדל, איר מאַן, איז געווען גאָר פון אַן אַנדער סאָרט מענטשן, איז טאַקע געווען חנהלעס טרויער.

ער איז געווען אַ סך אַנדערש פון די הורוויצעס. מער ווי דאָס ביסל דאַווענען האָט ער נישט געקענט, אַ מענטש זייער אַ פּראָסטער און נישט קיין שיינער און נישט קיין עלעגאַנטער, ער האָט נישט געקוקט דאַרויף, ווי די מלבושים ליגן אויף אים. צו דעם איז ער נאָך געווען עפּעס אַ מאָדנער מענטש. אים האָט נישט אינטערעסירט די שטוב. אים האָט אינטערעסירט בלויז סעמ־פּעלינסקיס מאַנופאַקטור־געשעפט. ער איז געווען גליקלעך, וואָס ער אַרבעט אין אַזאַ רייכער פירמע. עס האָט זיך אים גאָרנישט געגלוסט פון דאָרט אַרויס־צוגיין. חנהלע האָט נישט איין מאָל געמאַכט מיט אים אַ שמועס, ער זאָל אַליין ווערן סוחר, ווייל ווי לאַנג איז דער שיעור צו אַרבעטן ביי יענעם? האָט עס ביי אים געהאַט אַזאַ פּנים, ווי זי וואָלט אים געעצהט צו פאַרברענען סעמפּלינסקיס געשעפט . . .

איינע אַליין און מיט אַ סך אַנשטרענגונג, האָט חנהלע גענומען אויף זיך דעם שווערן יאָך צו פירן אַ שיינע שטוב און צו דערציִען אירע צוויי קינדער, רחלען און מינעלען, ווי עס פּאַסט פאַר איר, פאַר חנהלען, וואָס איז אייגנטלעך אַ הורוויץ.

חנהלע האָט באמת „אויפגעשטעלט" אַזאַ שטוב, וואָס איז געווען אַ ביסל איבער אירע כּוחות. זי האָט עס אַנדערש נישט געקענט. די עטלעכע צימערן זיינען געווען ליכטיקע, שמעקעדיקע און שטענדיק אויסגעפּוצטע. אַ ביסל

טישלעך און שענקעלעך. אויף די דאָזיקע מעבל־שטיק זיינען געווען אויס־געשטעלט כלערליי פיגורקעס, אמתע און פאַלשע „אַנטיקלעך“.

חנהלע האָט ביידע מיידעלעך, רחלען און מינעלען, געקליידט און זיי גע־כאָוועט ווי זיי וואָלטן געווען פרינצעסינס. זיי זיינען טאַקע געווען אויסטער־ליש שיין. ביידע שאַטין און ביידע מיט בלויע אויגן און די מאַמע האָט זיי דערצו צוגעגעבן די שפּילעוודיקע מאַניערלעך. זעלטן, זעלטן, אַז די קינדער האָבן געזען זייער טאַטן. אַז זיי האָבן אים יאָ געזען, האָט ער געהאַט דעמאָלט ביי זיי אַ פּנים ווי פון אַ ברוגזן מענטש . . . זיי האָבן נישט געפילט קיין שום וואַרעמקייט צו אים.

חנהלע האָט אירע קינדער אַריינגעגעבן אין דער פּרויען־גימנאַזיע. זי פלעגט אַהין אָפּט קומען, ווייל אַחוץ מיט אירע קינדער, פלעגט זי האָבן שמועסן דאָ מיט די לערער, דאָ מיט די חברטעס פון אירע קינדער און דאָ מיט די מאַ־מעס פון די חברטעס. זי האָט דאָס זייער ליב געהאַט. ווען חנהלע איז גע־קומען אין דער גימנאַזיע האָט זי באמת אַ סך מער געשיינט ווי אין שטוב. איר פאַנטאַזיע איז געווען, אַז אירע קינדער זאָלן נישט־נאָר ענדיקן גימנאַזיע, נאָר אויך אוניווערסיטעט. זיי זאָלן זיין געבילדעטע, און אַזוי זייער גאַנצע סביבה.

צוליב די קינדער האָט חנהלע איינגעפירט ביי זיך אין שטוב „אָוונטן“ פאַר די מאַמעס מיט זייערע קינדער. דאָס איז געוואָרן זייער שיין אָנגענומען סיי פון די מאַמעס און סיי פון זייערע קינדער. די פרייד און אָנערקענונג פאַר דער פאַני ראָזענקערן איז געווען אויסערגעוויינלעך. די מאַמעס האָבן זיך גאָרנישט געקענט אָפּוואונדערן פון חנהלעס בריהשקייט. איינע אַליין און דאָך ווי פיין זי מאַכט דאָס. זיי האָבן איר אָנגענומען פאַר אַ גרושה, אָדער אַלמנה... אויף איר קוקנדיק, האָבן אויך די איבעריקע מאַמעס איינגעפירט ביי זיך אַזעלכע „אָוונטן“ און אומעטום, איז חנהלע מיט אירע צוויי אָפּגעצערטלטע טעכטערלעך געוואָרן געלאַדן. מען האָט זיי אויפגענומען מיט גרויס כבוד: „מאַדאַם ראָזענקערן, ווילקאָמען אייך מיט אייערע שיינע טעכטערלעך!“

די „אָוונטן“ אין די אַנדערע הייזער, זיינען פאַר חנהלען און פאַר אירע קינדער געווען אַ סך פריילעכער ווי די „אָוונטן“ אין זייער אייגענער שטוב, ווייל דאָרט זיינען אַחוץ די מיידלעך, די חברטעס פון חנהלעס קינדער, אויך געווען יינגלעך, די חברטעס ברידער . . . רחלע און מינעלע האָבן זייער גוט פאַרברענגט מיט די יינגלעך. מען האָט זיך איינגעשריבן די נעמען אין די

אַלבאַמס. מען האָט זיך געטוישט מיט פאָטאָגראַפיעס. עס איז געווען אַ נחת. חנהלעס חלום איז געווען: רחלע און מינעלע וועלן מיט דער צייט זיך פאַר־ליבן אין צוויי פון די דאָזיקע יינגלעך, אָדער די יינגלעך וועלן זיך פאַרליבן אין אירע קינדער . . . חנהלע זעט שוין אין איר פאַנטאַזיע, ווער עס זיינען די יינגלעך . . .

***

רחלע און מינעלע האָבן מיט מזל געענדיקט די גימנאַזיע און גוט גע־ענדיקט. זיי האָבן געקריגן די העכסטע אויסצייכענונגען. זיי האָבן זיך גע־לערנט, ווי עס פּאַסט פאַר אייניקלעך פון די הורוויצעס. דער קלאַס און באַ־זונדערס די מאַמעס האָבן לכבוד דעם דאָזיקן יום־טוב פון זייערע קינדער געמאַכט פריילעכע באַנקעטן. מען האָט געהאַלטן וואַרעמע רעדעס. זיי זיינען געווען מיט איין פאַרלאַנג, אַז די פאַרבינדונג צווישן די קינדער זאָל זיין אויף אייביק . . .

אָבער באַלד צומאַרגנס האָט זיך געפּילט אַן אומעט אין חנהלעס שטוב. דער טעלעפאָן האָט נישט גערופן. קיינער איז נישט אַריינגעקומען, אַפילו נישט אַ בריוול . . . חנהלע און די קינדער האָבן דאָס געפילט ווי אַ שווערע באַליידיקונג, ווי מען וואָלט זיי אַרויסגעשטעלט אַ צונג . . .

חנהלע האָט זיך קוים דערטראַכט, אַז די מעשה מיטן אוניווערסיטעט איז אַ פּוסטע פאַנטאַזיע, אַז זי איז אָן געלט, זי איז נאָך דערצו פאַרשולדיקט, און אַ טאַטע, וואָס זאָל האָבן די דאָזיקע זאָרג, איז אויך נישטאָ. חנהלע איז אין פאַרלויף פון געציילטע טעג געוואָרן אויסגעבלייכט און אָפּגעצערט. די איידעלע, געצערטלטע קינדער האָבן דאָס באַמערקט.

***

חנהלע האָט נישט גערוט. זי האָט באַוויזן גבורה. זי האָט פאַרשאַפן וויפל זי האָט געדאַרפט אויף איינצוצאָלן אין אוניווערזיטעט און צו באַקליידן ביידע קינדער ניי און דאָס בעסטע.

— און קינדער, מיטן רעכטן פוס.

די קינדער האָבן זיך אַרומגענומען מיט דער מאַמען. געקושט זי און געהאַלדזט. חנהלע האָט יעדן טאָג געהאַט אַ שיין ביסל פרייד פון אירע קינ־

דער. יעדן טאָג האָט רחלע און מינעלע געהאַט צו דערציילן דער מאַמען וואונדערלעכע מעשיות פון אוניווערזיטעט. אַ נייע וועלט. די פּראָפעסאָרן, די לעקציעס און איצט די סטודענטן. אַזויפיל שיינע טיפּן. זיי האָבן גע־פלאַטערט בשעת זיי האָבן דערציילט. זייערע בלויע אויגן האָבן געגליט . . . חנהלע האָט זיך געפרייט.

אָבער דאָס יאָר איז אַפּגעלאָפן. פון אַנהויב האָט זיך געדוכט, מי יודע, ווי לאַנג עס ציט זיך אַ יאָר, אָבער אַז דאָס יאָר איז אַפּגעלאָפן, האָט זיך ווי־דער געדוכט, אַז נעכטן איז געווען דער אָנהויב. חנהלע האָט זיך שוין ווידער געפילט שלעכט. ווידער געלט־ענינים, ווען זי האָט נאָך דעם אַלטן חוב נישט געפּטרט. חנהלע האָט געהאַט פאַרדרוסן אויף זיך, וואָס זי איז אַזאַ אויסגעבער־רין פון געלט, אַז זי פירט דאָס הויז מיט אַ צו־שטאַרקער ברייטקייט, נישט ווי עס פּאַסט פאַר זונדלס ווייב, נאָר פאַר איר מאַמען אין די יינגע יאָרן, ווען זי האָט געשמט מיט איר רייך הויז, דאָס הויז פון שמאי הורוויץ.

חנהלען האָט זיך אויך אָנגעהויבן דוכטן, אַז אירע מיידלעך קענען דורכן אוניווערזיטעט אַרויסקומען באמת געבילדעטע מענטשן, אָבער דערביי פאַר־בלייבן אַלטע מיידלעך . . . זיי זיינען געראָטן אין זונדלען און נישט אין איר. חנהלע איז געווען שטאַרק פאַרביטערט.

אין שטאָט האָבן זיך אומגעקערט די כמורנע טעג פון פאַראַיאָרן, אַזוי ווי זיי וואָלטן געשטאַנען ערגעץ וואו גרייט ווידער אַראָפּצוקומען . . . חנהלע האָט שוין אויסגעזען געעלטערט מער ווי אויף אַ יאָר און ס׳האָט זיך איר געדוכט אַז רחלע, וואָס איז איצט אַלט ניינצן און מינע אַכצן, אַז זיי האָבן אויך די דאָזיקע שרעק וועגן זיך . . .אַזוי האָט זיך חנהלען געדוכט.

***

רחלע און מינעלע,ביידע שוועסטער, האָבן אויף די נאַלעווקעס אויסגעזען ווי פאַרבלאָנדזשעטע. ווי קומען זיי דאָ אין געדראַנג און שטויסעניש? וואָס טוען זיי דאָ? זיי האָבן זיך קוים אַרויסגעשטויסן אין אַ זייט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, זיך אָנגעקוקט, זיך אַזוי אַרום מישב געווען. רחלע האָט געגעבן מינען אַ צי ביי דער האַנט. זיי זיינען אַריין אין סעמפּעלינסקיס מאַנופאַקטור־געשעפט. זיי זיינען געוואָרן איבערראַשט פון דער ריזיקער גרויס פון געוועלב,

פון דעם שלל מיט סחורה, אַזאַ איבערגעפּאַקטקייט און אַזוי פיל מענטשן. רחלע האָט עמיצן געפרעגט אויפן פּאַן ראָזענקערן. אַ גערופעריי פון אַלע זייטן: „זונדל, זונדל!"

די מיידלעך האָבן, געלייטערטע, זיך אָנגעקוקט.

זונדל איז אָנגעקומען מיט אַ גרויסן בליישטיפט הינטערן אויער, אָבער מאָדנע ווי ער האָט געקוקט צו די צוויי מיידלעך, ווי ער וואָלט זיינע אייגענע קינדער נישט דערקענט . . . רחלע האָט שוין געוואָלט אויסשרייען: "טאַטע!" אָבער זונדל איז אַרויס מיט זיין פאַרוואונדערונג:

— וואָס טוט איר דאָ, קינדער?

רחלע האָט גערעדט, איז זי דאָך די עלטערע. זי איז אָבער אויך אויסטענהן זיך, אויך די בריה. מינע איז אַקעגן איר ווי אַ קליין קינדעלע. מינעלע האָט גאָר פאַרגאַפּט געקוקט צום פענצטער, צו דער גאַס, צו די דורכ־לויפנדיקע טראַמווייען. אַ שאָטן פון קינדערישן שמייכל איז געלעגן אויף איר שיין, צאַרט פּנים.

— מיר ווילן אַרבעטן, מיר ווילן אַרבעטן — האָט רחלע פאַרענדיקט. מינעלע האָט איצט ווי פון שלאָף זיך אויפגעכאַפּט, אויך צוגעגעבן אַ פּאָר ווערטער און אַזוי שטיל:

— מיר זיינען דאָך שוין נישט קיין קליינע קינדער.

זונדלס ברייט, טונקל פּנים האָט אַ שמייכל געטאָן צוליבן קלאַנג פון מינעס שטימעלע.

— איך וועל, קינדער, אַלץ טאָן.

און ער האָט זיי אַרויסבאַגלייט.

צעפלאַטערטע, באַגייסטערטע זיינען די מיידלעך אַוועק פון זייער טאַטן.

— ווי מען האָט אים גערופן: „זונדל, זונדל!"

— ווי דער טאַטע זעט עס אויס...

— ווי אַ דירעקטאָר . . .

— ווי ער האָט זיך עס מיט אונז דערפרייט!

— ווי ער האָט געשמייכלט!

— מינע, אַז דער טאַטע גיט אַ וואָרט, איז עס הייליק.

***

פינף און דרייסיק יאָר האָט שוין זונדל געהאַט אָפּגעאַרבעט אויף די נאַלעווקעס. מיט אַ סך פון די גרויסע סוחרים איז ער געווען אויף „דו". זיינען זיי דאָך אויך געווען אַמאָל משרתים און צוזאַמען מיט זונדלען. צוליב זיינע קינדער איז ער אַריין צו סעלצערן, צו זיין אַלטן פריינט, בנימטשע.

„ער האָט זיך שיין אַרויפגעאַרבעט — האָט זונדל געטראַכט — אַ גרויס געשעפט" . . .

— וואָס מאַכט מען ? — האָבן זיך בײדע דערפרייט.

זיי האָבן שוין געהאַט אַ לענגערע צייט זיך נישט געזען.

און אַז זיי האָבן זיך וואַרעם און געדיכט פאַנאַנדערגערעדט מיט די אַלע זייערע זכרונות פון זייער צוזאַמענאַרבעט אין פאַרשידענע פירמעס, האָט סעל־צער זיך שטאַרק צעלאַכט. סעלצער, אַ גלייכער, הויכער וואוקס, מיט אַ שיינעם בלאָנד־גרדיען קאָפּ. ער האָט געלאַכט:

— אַ שיינע מעשה, זונדל, האָסט צוויי מיידלעך און אַרבעט ווילסטו נאָר פאַר איינער. זיי קענען גראָד בײדע אַרבעטן, זאָלן זיי בײדע קומען.

***

אין די ערשטע טעג האָט חנהלע געפילט אין זיך משוגעת. די גע־דאַנקען זיינען איר געלאָפן גאַלאָפּ, ווי מען וואָלט זיי געיאָגט מיט בייטשן, זיינען געשפרונגען איינער איבער אַנדערן. זי האָט בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין, ווי האָט עס רחלע און אַזוי מינעלע געפועלט ביי זיך צו ווענדן צו זונדלען . . . ווי האָבן זיי דאָס געקענט זיך אַריינזעצן אין אַ געשעפט אויף די נאַלעווקעס. זי האָט זיך געפילט, חנהלע, שוידערלעך באַליידיקט . . . זי האָט זיך עס נישט געגלויבט, איז זי אַוועק צו די נאַלעווקעס, אַריינגעגאַנגען אין סעלצערס געשעפט. זי האָט דאָרט געטאָן נישט מער ווי איין קוק. דאָס האַרץ אירס איז איר אַנטפאַלן. יאָ, ס'איז אמת. רחלע און מינעלע זיינען דאָ, און אַרום און אַרום אַ טומל פון טרעגערס, טראַסקעריי פון אָפּגעוואָרפענע פעק. זי איז אַהיים געקומען אַ צעבראָכענע.

***

דאָס גרויסע געוועלב סעלצערס איז געווען אומגעלומפּערט געבויט און נאָך ערגער איינגעאָרדנט. עס האָט גיכער אויסגעזען ווי אַ וואָקזאַל איידער

אַ געשעפט פון גוטע סחורות. די קאַסע דערפאַר איז געווען זייער שיין גע־מאַכט, ווי ספּעציעל פאַר די שיינע, צאַרטע רחלע און מינעלע. אַ קאַבינעט מיט צוויי פענצטער. דער טומל פון געוועלב איז צו זיי שוואַך דערגאַנגען און די וואָס זיינען צוגעקומען צום קאַסע־פענצטער, האָבן דערשפּירט די שטיל־קייט און שיינקייט. דרך־ארץ.

און אַרויסגעוויזן האָט זיך באַלד אין די ערשטע וואָכן, אַז די צוויי שוועסטער, רחלע און מינעלע ראָזענקערן, זיינען אַחוץ שיין אויך „פּייערדיקע קעפּ". אויף דעם האָט סעלצער זיך נישט געריכט. זיין חבר זונדל זאָל האָבן אַזעלכע געראָטענע קינדער! סיידן זיי זיינען געראָטן אין זייער מאַמען. זיי טוען דאָך וואונדערלעכע זאַכן. אויסער זייער קאַסע־אַרבעט, אַזוי שטיל און געשיקט, האָבן זיי אַן אויג אויף אַלע געשעפטס־חשבונות, ווי זיי וואָלטן שוין געווען גאַנצע דירעקטאָרשעס אין געשעפט. זיי שיקן צוריק חשבונות צו די, וואָס האָבן זיי אַזוי „געראָטן" אויסגעשטעלט: דאָ שלעכט באַרעכנט און דאָ געשטעלט שלעכט די פּרייזן. און דאָס אַלץ ווערט ביי זיי געטאָן מיט אַ זינ־גענדיק געלעכטערל. קיינער איז דערפאַר אויף זיי נישט אין כעס. זיי האָבן דאָך חלילה קיין שלעכטס נישט געמיינט. זיי האָבן נאָר אַן אויג און אַ שמייכל....

***

עס איז געווען אַן אָוונט פון טרויער מיט משוגעת געמישט. רחלע און מינעלע זיינען אַריין אין שטוב און גלייך מיט אויגן צו דער מאַמען, צו זען וואָס עס איז איצט מיט איר. באַלד נאָך זיי האָבן זיך באַוויזן צוויי יינגלעך... רחלע און מינעלע האָבן פאַר דער מאַמען פאָרגעשטעלט די יינגלעך.

העניעק לעבן רחלען און מאַרעק לעבן מינעלען . . .

— מאַמע, מיין פריינט.

— מאַמע, מיין פריינט.

חנהלע האָט אין דער ערשטער סעקונדע געטאָן אַ וואַרעמען שמייכל. די יינגלעך האָבן אויף איר געמאַכט אַ וואונדערלעכן איינדרוק. העניעק איז גע־ווען אַ פריילעכער יונגאַטש, אַ הויך־וואוקסיקער מיט אַ הויכן שטערן און ער האָט גלייך זיך אויפגעפירט אַזוי דרייסט, ווי ער וואָלט שוין דער מאַדאַם ראָזענקערן געקענט פון יאָרן. מאַרעק ווידער איז געווען אַ בלייכינקער מיט קינדערישע אויגן, וואָס האָבן געברענט מיט אַ ליבע־גלאַנץ.

אָבער אין איין מינוט שפּעטער, איז שוין חנהלע געווען נישט צו דער־

קענען. אַ וואָלקן איז געזעסן אויף איר פּנים. זי האָט זיך געפּאָרעט ביים צו־גרייטן כּיבוד און זי האָט דערביי ווי געזיפצט . . .

רחלע און מינעלע האָבן זיך געפילט גאָר און גאָר נישט אָנגענעם, אָבער דאָ איז אַריינגעקומען זונדל. זינט רחלע מיט מינעלען זיינען געווען ביים טאַטן אין סעמפּעלינסקים געשעפט, איז ער, זונדל, גאָר אַן אַנדערער מענטש, אַ וואַרעמער טאַטע. ער קומט אַהיים אין די אָוונטן גאָר באַצייטנס, נישט ווי פריער. ער שיינט אינגאַנצן. ער איז גאָר אַן אַנדערער. היינט איז זונדל נאָך פריער געקומען. זיינע טעכטערלעך האָבן אים נאָך אין מיטן טאָג צו וויסן געגעבן דורכן טעלעפאָן:

— טאַטע, זיי אַזוי גוט און קום היינט אַהיים גאָר פרי. מיר קומען נישט אַליין . . .

זונדל האָט גלייך פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט. אַ וואַרעמקייט האָט אים אַרומגענומען. שוין עטלעכע טעג ווי ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז זיינע קינדער זיינען פאַרליבט. ער האָט נאָך מיט טעג צוריק זיך מיט דעם זיך פאַראינטערעסירט. זייער שיין. זייער וואויל.

אַ פריילעכער איז זונדל אַריין אין שטוב מיט אַן אויסגעשטרעקטער וואַרעמער האַנט:

— וואָס מאַכט איר? ווי גייט אייך דאָרט?

די מיידלעך און די יינגלעך האָבן געהאַלטן דעם טאַטן אין ראָד, זיך געפרייט און געחנדלט צו אים. זונדל האָט מיט זיי זיך צוגעשאָרט צו חנהלען. חנהלעס פּנים האָט איצט שוין יאָ אַ ביסל געשיינט, געווען אַ ביסל זוניק. ס'איז געווען פריילעך ביים טיש. די צוויי יינגלעך, העניעק און מאַרעק האָבן פריילעך געמאַכט. די מיידלעך האָבן געלאַכט. זונדל האָט געלאַכט און חנהלע האָט אויך געשמייכלט. אַפילו זונדל איז איר איצט אויך אַ ביסל געפעלן. מיט פאַרגעניגן האָט זונדל געגאָסן משקה אין גלעזלעך, געטרונקען האָבן אַלע גלייך מיט אַ פריילעכן „לחיים", אַפילו חנהלע. אַלע האָבן זיך געפרייט און אַפילו חנהלע, האָט עס אויסגעזען, ווי אויך זי פרייט זיך, אָבער אין דער אמתן, האָט אין האַרץ עפּעס געריפּעט. זי האָט אינגאַנצן זיך נישט גוט געפילט, ווייל נאָך אַלעמען איז עס נישט ווי עס איז געווען איר חלום . . .

רחלע און מינעלע האָבן איצט גוט געזען אין זייער מאַמעס פּנים. עס האָט זיי געאַרט, עס האָט זיי ווי געטאָן . . .

# איז ער אַ זיידע

יונה בוסק איז געווען אַ נאָמען אין שטאָט. יונה בוסק מיט דער גרייזער באָרד, וואָס איז געווען אַ זיידע פון דערוואַקסענע אייניקלעך, איז נאָך אַלץ געווען דער יינגסטער פון אַלע יינגעלייט.

יינגעלייט האָבן פּרובירט שפּאַסן פון „אַלטן", כדי צו פאַרשטעלן זייער בושה. עס האָט זיי אָבער גאָרנישט געהאָלפן. מען האָט דאָס געוואוּסט.

יונה בוסק האָט איבער דער גאַנצער שטאָט געהאַט פאַרשיידענע געשעפטן, גרעסערע און קלענערע. דאָ האָט ער געקויפט און דאָ פאַרקויפט. אים האָבן געפעלט געשעפטן? און יעדן טאָג איז ער ביי זיי געווען, עס האָט געמעגט זיין ווי ווייט. ער האָט קיינמאָל נישט גענומען קיין דראָזשקע, אָבער נישט צוליב קאַרגשאַפט, וואָס ער איז עס נישט געווען, נאָר ווייל עס איז אַזוי אים געווען בעסער, ער האָט זיך געפילט געזינטער און וויפל איז דאָס ווערט געווען, וואָס ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט מענטשן. וועמען האָט ער דען נישט באַגעגנט? אַלע זיינע היימישע מענטשן. זיי מיט אים און ער מיט זיי האָבן געהאַט וועגן וואָס צו ריידן. יונה בוסק איז אַזוי אַרומגע־גאַנגען אַרום זיינע געשעפטן איבער דער גאַנצער שטאָט, פון אינדערפרי ביזן אָוונט. עס איז דען געווען געגאַנגען? ער האָט „געשוועבט"! און זיין פּנים איז געווען רויט און די אויגן לעבעדיק. ער האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געוואוינט נישט אין שטאָט, נאָר אין פעלד.

געשפּאַסט פון יונהן, האָבן נישט נאָר די יינגעלייט אין שטאָט, נאָר אַפילו זיינע אייגענע קינדער און זיינע אייניקלעך. אַמאָל פלעגט גיין דער שפּאַס, אַז איצט גייט דער זיידע גאָר שנעל, ווייל עס איז אַ ווינט אין גאַס און אַמאָל פלעגט עס ווידער גיין: „איר זעט אַ ווינט אין גאַס, דער זיידע מוז זיין אין גאַס" . . .

מען האָט געלאַכט. מען האָט געפּלאַצט פון געלעכטער. אַ קאָמישער זיידע!

⁂

יונה בוסקס קינדער און די אייניקלעך האָבן טאַקע געשפּאַסט פון זייער טאַטן און פון זייער זיידן, אָבער קיין עגמת נפש האָבן זיי פון אים נישט געהאַט. יונה אָבער האָט פון זיינע קינדער און אייניקלעך עגמת נפש יאָ געהאַט און גאָר אַ סך.

מלך, זיין זון, איז געווען, העכער פון טאַטן אין וואוקס מיט אַ גאַנצן קאָפּ און ווי גלייך, אַז זיין טאַטע האָט קעגן אים אויסגעזען קליין און איינגעקאָרטשעט. אויסגעזען האָט מלך, ווי ער וואָלט נישט געווען יונה בוסקעס זון, נאָר אַ זון פון אַ באַראָן. זיין שיין און ריין אַרומגעגאָלט פּנים האָט געשטראַלט פון חשיבות און צופרידנקייט, וואָס ער ווייסט אַלץ, בוכשטעבלעך אַלץ, און דאָך איז עפּעס געווען מיט מלכן. ער האָט דאָך גאָרנישט געטאָן. ער איז געזעסן אין שטוב אַ דענערווירטער.

אַז יונה האָט דאָס דערהערט, איז ער באַלד אינדערפרי אַ איילי‌קער אַריין צו מלכן, אַז די אייניקלעך האָבן זיך צעלאַכט.

— מלך, — איז יונה אַריין אין איין אָטעם — זאָג מיר, וואָס איז מיט דיר?

דער זיידע האָט זיך געפרייט מיט די אייניקלעך, אַ געזונט אויף זייערע קעפּלעך, ווי זיי פרייען זיך עס מיטן זיידן . . .

מלך האָט אָבער דעם טאַטן זיינעם גאָרנישט געענטפערט. דער פאָטער האָט דערפון געהאַט זייער אַ סך קרענקונג, ווייל ער האָט פון זיין מלכן אַ וועלט געהאַלטן. מלך איז ביי אים געווען אַ גרויסער מענטש. יונה האָט שוין אויסגעזען פאַרשעמט.

— דבורהלע — האָט יונה, אַ געפּלעפּטער, געפרעגט מלכס ווייב — וואָס ענטפערט ער מיר גאָרנישט? וואָס רעדט ער נישט? איז ער עפּעס קעגן מיר? ווי מיר נישט, וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך אים געטאָן?

דבורהלע האָט זיך געפילט פאַרשעמט. זי האָט אַריינגערעדט אין אויער פון איר מאַן: „וואָס איז מיט דיר, וואָס דו רעדסט נישט צום טאַטן? דאָס איז מער ווי אַ חרפּה“.

ערשט איצט האָט מלך געזאָגט:

— זעץ זיך, טאַטע.

— וואָס איז מיט דיר, מלך? — האָט דער פאָטער אים געפרעגט.

מלך איז אויפגעשטאַנען פון דער קאַנאַפּע, געגענעצט, זיך געצויגן ווי גרויס ער איז געווען, געבראָכן די פינגער און אַזוי גייענדיק איבערן צימער, האָט ער דעם פאָטער, נישט קוקנדיק צו אים, דערציילט מיט נעפּלדיקע ווערטער וועגן זיין סיטואַציע. דער טאַטע האָט קנאַפּ־וואָס פאַרשטאַנען. עס איז אים גאָרנישט קלאָר געוואָרן. דערפאַר איז אים קלאָר געווען, אַז ווען מלך וואָלט נישט געווען אַזוי גרויס ביי זיך, וואָלט ער מיט אים מיטגעגאַנגען אין גאַס, אַ טאָג, צוויי און אפשר דריי. עס וואָלט זיך זיכער געפינען צו קויפן אַ געשעפט אין גלייכן געלט. זיכער. דאָס איז פאַראַן יעדן טאָג. מען דאַרף אָבער זיין אין גאַס . . .

מלך האָט זיך טאָקע געקרימט אויפן טאַטנס מאָדנע איינפאַלן, נאָר אים קען אַזעלכעס איינפאַלן . . . ער האָט אַ מאַך געטאָן, מלך, מיט זיין האַנט, ווי ער וואָלט צו נישט געמאַכט פון טאַטנס עצות.

— אָבער, וואָס וועט עס דיר אַרן? מלך? — האָט דער פאָטער זיך געבעטן ביי זיין זון — וואָס וועט עס דיר אַרן? אין גאַס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע געשעפטן. מען דאַרף נאָר קענען טרעפן. פאָלג דעם טאַטן, בלאָז זיך נישט אַזוי, מלך.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז מלך איז מסכים. יונה בוסק, האָט שוין איצט מער קיין צייט נישט געהאַט, שוין געווען שפעט און ער האָט געהאַט עגמת נפש, וואָס ער האָט איצט אין איין וועגס נישט געקענט זיין ביי פראַדלען, ביי דער טאָכטער. עס איז דאָרט אויך נישט מיט אַלעמען. אַ שאָד. ער וועט דערפאַר צוגיין צו איר, צו דער טאָכטער, אין אָוונט. און יונה בוסק איז אַוועק אין גאַס אַריין, ווי יעדן טאָג.

היינט איז זיך אָבער נישט אַזוי געגאַנגען ווי יעדן טאָג. אַלץ צוליב די קינדער. מלך מיט דער פרנסה און פראַדל מיט איר „גרויסן נחת" פון איר כלה־מיידל. ער האָט היינט שוין נישט אַזוי אַרומגעשוועבט. ער האָט זיך אַליין נישט דערקענט. ער איז געקראָכן פאַמעלעכל, אַזוי קיין כוח און נישט קיין מוט געהאַט. כל־זמן, ער איז נישט געווען ביי די קינדער און דאָס אַלץ האָט ער בלויז געהערט פון זיין מרים־טויבען, האָט עס אים נישט אַזוי מיטגעריסן. דאָס איז דער אמת. אַז ער איז אָבער היינט געווען ביי מלכן און אין אָוונט וועט ער זיין ביי פראַדלען, איז ער שוין נישט דער זעלביקער. ער איז אָנגעפילט מיט עגמת־נפש.

*
**

פראַדל מיטן טאַטן און איר קליינוואַרג מיטן זיידן האָבן זיך עס דער־פרייט, ווי זיי וואָלטן אים שוין לאַנג, לאַנג נישט געזען. די קליינע חברה האָט זיך אָנגעהאַנגען אויף זיינע אַקסלען. יונה האָט געגעבן דעם קינד אַ גלעט און דעם אַ גלעט און ער האָט פראַדלען גלייך געפרעגט:

— וואָס הערט זיך, פראַדל? וואו איז רחל?

— זעץ זיך טאַטע. וואָס עס הערט זיך? אַזוי...

— דו זעסט מיר אויס פראַדל נישט איי־איי. וואָס איז? וואָס איז חנא נאָך נישטאָ? קומט ער יעדן אָוונט אַזוי שפּעט אַהיים? און וואָס איז טאַקע מיט רחלען?

— זעץ זיך, טאַטע. אָט דאָס איז דאָך די מעשה, וואָס מיין שטוב איז ווי אַ שיף אָן אַ רודער. חנא איז דער סוחר ביז שפּעט אין אָוונט און ער ווייסט נישט, וואָס עס טוט זיך אין שטוב און ער וויל נישט וויסן. אָבער וואָס עפּעס בין איך שולדיק. פון רענען ווידער האָב איך בערג מיט צרות.

— אזוי... אַזוי... — האָט יונה אונטערגעכאַפּט.

— זי איז שוין קיין עין הרע איין און צוואַנציק יאָר — האָט פראַדל גערעדט. וואָלסט איר געדאַרפט זען, טאַטע. וואָלסט איר נישט דערקענט, אַ הויכע און שיינע פריילן, נאָר ווייסט איר דער גוטער יאָר. דאָ האָט זי יאָ אַ יינגל און דאָ האָט זי נישט און דו טאָרסט גאָרנישט מיט איר ריידן, דו טאָרסט איר גאָרנישט פרעגן, ווייל קוים הויב איך אָן, בין איך די שולדיקע אין איר מזל...

— אַזוי... אַזוי... — האָט דער טאַטע אונטערגעכאַפּט.

— יאָ, יאָ. אַזוי איז עס. איך קריג נאָך פון איר אַ יאָג. עס איז שוין נישט איבערצוטראָגן.

— אַזוי... — האָט יונה געטאָן אומגעדולדיק זיך אַ ריס פון אָרט — וואו איז זי איצט?

— זי וועט מסתמא באַלד אַריינקומען. וואָלסט געדאַרפט זען, ווי זי זעט עס אויס. עס איז מיר אָבער נישט באַשערט קיין נחת...

— איך מוז דיר זאָגן, פריידל, אַז איר זענט דאָ אַלע משוגע. וואו בין

איך, אין פעלד? אין וואַלד? וואָס האָסטו מיר אַזוי לאַנג נישט געזען? וואָס טוט זיך דאָ?

דאָ זיינען אַריין די קליינע אייניקלעך, האַלב נאַקעטע. זיי זיינען אַרויס פון די בעטן און געלאַכט צום זיידן. די מאַמע האָט זיי אַרויסגעיאָגט און דער זיידע האָט ווייטער גערעדט און מיט אמתן כעס:

— וואָס, שידוכים פעלן? חתנים פעלן? די מאַמע האָט מיט מיר גערעדט. זי האָט מיר וועגן דעם אַ סך דערציילט. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ: „וואָס זאָגט מען מיר גאָרנישט?" איך האָב זיך באַלד געזען מיט מיינעם אַ נאָענטן מענטש, אָבער אַ טייערער מענטש, אַ זעלטענער מענטש, האָט דער מענטש אויך געלאַכט: „וואָס, שידוכים פעלן, חתנים פעלן?" און ער האָט מיר גלייך געגעבן אַ צעטעלע מיט עטלעכע נעמען. דער אמת איז, פּראַדל, אַז איך האָב מורא געהאַט צו ריידן אַ וואָרט, וואָרן איך האָב דאָך צו טאָן מיט אַן אייניקל, מיט אַ רחלע. זי וואָלט דאָך באַלד אין כעס געוואָרן אויפן זיידן, וואָס דער זיידע מישט זיך אַריין. נאַ־זשע דיר, פּראַדל, דאָס צעטעלע. גיב מיר צו וויסן, אָדער מאַכט אַליין, ווי איר פאַרשטייט.

פּראַדל האָט די גאַנצע צייט האַרציק געשמייכלט, וואָס פאַר אַ שטייגער טאָטן זי האָט עס. אַ טייערער אַלטער. ער פאַרשטעקט דאָך די ייִנגע אין גאַרטל. וויפל ענערגיע דער מענטש האָט עס און ווי ער גלויבט אַזוי אין יעדער זאַך און אין יעדן מענטש. ער לאָזט איבער פאַר רעגנען אַ צעטעלע מיט שידוכים און מען זאָל אים געבן צו וויסן . . .

יונה בוסק האָט גאָרנישט געשמייכלט. דער עגמת־נפש און דער פאַר־דרוס האָבן אים געיאָגט:

— אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט.

***

מלך האָט ענדלעך זיך געלאָזט איינריידן פון זיין דבורהלען, אַז ער זאָל נישט זיין „משה גרויס" און אפשר ווייסט טאַקע דער טאַטע פון אַ גוט גע־שעפט, וואָס וועט זיין פּאַסיק פאַר אים. מען דאַרף פּרובירן. ער איז אַרויס־געקומען צום טאַטן. מלכן איז אָבער געווען זייער שווער מיטצוהאַלטן מיטן טאַטן. די ערשטע האַלבע שעה, האָט ער גאָרנישט גערעדט. ער האָט זיך

נאָר יעדע מינוט געפרעגט, צי עס איז נאָך ווייט. לויטן פאָטער, איז עס געווען זייער נאָענט, מיט דער האַנט עס צו דערגרייכן און מלכן האָט זיך דאָס אויסגעוויזן זייער ווייט, ער איז שוין געווען מיד. ער האָט געפילט די מידקייט אין די פיס. ער האָט זיך געשעמט צו זאָגן דעם טאַטן, מען זאָל נעמען אַ דראָזשקע, אַז דער טאַטע גייט אַזוי מיט הנאה און מיט חשק, ווי־זשע קען ער זיך קלאָגן? עס איז דאָך פשוט נישט שיין! און נאָך אַ ביסל צייט, האָט ער זיך שוין געפילט ווי ער שלעפט זיך נאָך נאָכן טאַטן, ווי דער טאַטע איז אַ מאַשין און ער איז ווי עפּעס צוגעטשעפּעט צו דער מאַשין און שלעפּט זיך נאָך. ער האָט אים שוין געוואָלט זאָגן, דעם טאַטן, ער זאָל נעמען אַ דראָזשקע. ער האָט שוין אָבער נישט געקענט רײדן. עס האָט אים געצויגן אַראָפּ, צו דער ערד. און דאָ האָט יונה בוסק דערזען, וואָס עס איז מיט זיין זון. עס איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. ער האָט אים מיטביידע הענט אַרומגענומען. ווי מלך זעט עס אויס! געל ווי וואַקס און צו די צרות האָט נאָך מלך עפּעס געשמייכלט, נאָר אָך און וויי צו אַזאַ *שמייכל*, ווי ער וואָלט זיך געשעמט. ער איז מיט אים קוים אַריין אין אַ דראָזשקע, צוגעפאָרן צו מלכס שטוב. ער האָט דאָך מלכן געפירט, ווי ער וואָלט געווען אַ קאַליקע. דבורהלע, מלכס ווייב, האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ:

— וואָס איז געשען?!

דער שוועד האָט איר באַרואיקט, אַז עס איז גאָרנישט, עס איז אים נאָר נישט גוט געוואָרן . . . עס איז גאָרנישט. וועט מען גיין מאָרגן, אָדער איבערמאָרגן. אַ געשעפט וועט מען שוין קויפן.

מלך איז געלעגן אַ קראַנקער אויסגעצויגן אויף דער קאַנאַפּע. זיין פּנים איז געווען געל ווי זאַמד און זיין פּנים האָט נאָך געשמייכלט, עפּעס אַ נאָכגעמאַכטער שמייכל . . .

***

ווען רענע איז אַהיימגעקומען איז שוין געווען זייער שפּעט. דער פאָטער אירער איז שוין געשלאָפן. דאָס כראָפּען פון קליינוואַרג האָט זיך געהערט איבער אַלע צימערן. אויף — געווען איז די מאַמע אַליין און געוואַרט אויף רענען. פראַדל האָט אַלץ געטראַכט ווי מען הויבט אָן מיט רענען צו רעדן, אַז דער זיידע איז דאָ געווען און וואָס ער האָט געזאָגט און, אַז ער האָט

איבערגעלאָזט אַ צעטעלע . . . איין קליינינקייט, רענע! מען דאַרף דאָך צו איר ריידן דורך אַ זיידן טיכל, מיט פאַרשטעלט ווערטער. פראַדל האָט איצט גוט אָנגעקוקט איר רענען און פון איר פּנים האָט זי בשום אופן נישט געוואוסט, וואָס עס איז מיט איר. פילט זי זיך איצט גוט, אָדער נישט. איז זי צופרידן, אָדער נישט. האָט זי אָנגעהויבן, פראַדל דערפון, אַז דער זיידע איז דאָ געוועזן. מער נישט, דער זיידע איז דאָ געווען, און זי האָט ווידער זיך איינגעקוקט אין רענעס פּנים. גאָרנישט, ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. איז דער זיידע געווען.

— דיין זיידע, רענע, איז שוין איינמאָל אַ זיידע!

— וואָס איז? — האָט רענע געפרעגט.

— עס איז, זאָג איך דיר, אַ נחת מיטן אַלטן.

— וואָס אַזוינס? — איז רענע שוין געווען נייגעריק.

— ער האָט דערציילט וואונדערלעכע זאַכן. איז אויסגעקומען צו ריידן וועגן שידוכים, סתם וועגן שידוכים. גיט ער מיר פּלוצלונג אַ פרעג: „וואו איז רחלע?" „וואָס איז מיט רחלען?" „וואָס ווערט זי נישט קיין כלה?".

מער האָט מען נישט געדאַרפט. רענעס פּנים איז געווען צאָרן. פראַדל האָט איבער איר זיך געצאַפּלט, זי זאָל חלילה נישט אויסברעכן מיט אַ געשריי.

— אַז מען בעט זיך ביי אים מיט שידוכים פאַר דיר — האָט די מאַמע ווייטער גערעדט.

רענע האָט אויסגעפּלאַצט, און אין די שטילע צימערן האָט עס שרעקלעך אָפּגעקלונגען:

— קיינער זאָל מיר אין זינען נישט האָבן! דער זיידע גאָר! זאָלסט אים זאָגן, ער זאָל מער וועגן מיר נישט ריידן! דער זיידע גאָר!..

פראַדל האָט נעבעך גאָרנישט גערעדט. זי האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין, אַז איר קינד זאָל זיין אַזוי ווי זי האָט עס איצט באַוויזן. עס איז פאַר איר געווען פּונקט ווי רענע זאָל איר, דער מאַמען, אויסזידלען, ווי זי וואָלט געווען די ערגסטע.

עס איז געווען אַ שיינע פּאָר מינוטן שטילקייט. פראַדל האָט געשפּירט אין זיך טרערן. און דאָ האָט רענע געפרעגט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ צעטעלע?

פראַדל האָט געשטוינט, ווי רענע האָט עס שוין געזען.

— דאָס האָט דער זיידע איבערגעלאָזט.

רענע איז פון דער מאַמען אַוועקגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטע. עס האָט איר פאַרכאַפּט אַ נאָמען אין צעטל. זי איז דאָך מיט אים, מיט העניעקן אַרומגעגאַנגען, אָבער נישט מער ווי צוויי אָדער דריי מאָל, מער האָט זי אים נישט געזען. די גאַנצע צייט גייט ער נישט אַרויס פון איר זכרון און דאָ איז ער גאָר אין זיידנס צעטעלע . . . . ווי רענע האָט עס איצט גערעדט צו דער מאַמען וועגן זיידן, זי האָט דער מאַמען געגלעט, זיך פאַר איר גע־פיעשטשעט, אַזש געזיפצט:

— מאַמעשי, ווען איז דאָ דער זיידע געווען?

— אַ שעה אין דעם.

— וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

— איך האָב מורא פאַר דיר.

— זאָג מיר, מאַמעשי. זיי נישט קיין שלעכטע.

— איך האָב נישט קיין כוח צו דיר. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז דער זיידע האָט דערציילט, אַז זייער אַ וויכטיקער מענטש האָט גערעדט מיט אים וועגן דיר און דאָס איז אַ צעטעלע פון נעמען מיט וועמען מען קען זיך משדך זיין. פאַרשטאַנען? דו האָסט דאָך אָבער געשריגן און באַליידיקט.

— איך האָב באַליידיקט דעם זיידעשי? — האָט רענע זיך געקלאָגט — ווען?!

זי האָט די מוטער אַרומגענומען.

— מאַמעשי טייערע, פאַרגיב מיר, זיי נישט קיין שלעכטע. ווען וועסטו מיט מיר גיין צום זיידעשי?

— אַפילו מאָרגן.

— זיכער, מאַמעשי? — האָט רענע געפרעגט זייער וואַרעם, אַזוי צו־געקלעפּט צו דער מאַמען.

פראַדל האָט געשמייכלט שוין קוקנדיק אויף רענען, ווי זי האָט עס געשיינט. רענע האָט זיך געלעגט אין בעט און פון דאָרט, האָט זי נאָכ־אַמאָל געפרעגט דער מאַמען:

— איז עס אָפּגערעדט, מאַמעשי?

— יאָ, יאָ, שלאָף . . .

## י. ה. פֿישמאַנס פֿריערדיקע ביכער:

„זומערדיקע טעג" (דערציילונגען), וואַרשע, פּוילן, 1938.

„פֿאַרוואָגלטע יידן" (דערציילונגען), שאַנכאַי, כינע, 1948.